לידער

פון

# אליקום צונזער



פאר געזאנג

אראנזשירט מיט פיאנא באגלייטונג פון

**וויליאם פיטשהענדלער**

געבויט אויף נאטיצען פון

**יאזעף רומשינסקי**

**פרייז 5 דאלער**

ארויסגעגעבען פון

**צונזער פאבלישינג קאמפאני**

111 פרינס סטריט

ניו יארק

# אָרדנונג פון די ליעדער:


| | די ווערטער פיידזש | די מוזיק פיידזש |
|---|---|---|
| דער פאטשטאווער גלעקעל | 178 | 17 |
| שיבת ציון | 180 | 21 |
| די סאָכע | 180 | 24 |
| דאָס אונשטערבליכע פאָלק, 1טער טהייל | 183 | 26 |
| " " 2טער טהייל | 184 | 30 |
| דער ניינצעהנטער יאהרהונדערט, 1טער טהייל | 185 | 33 |
| " " 2טער טהייל | 187 | 39 |
| מיינע געפיהלע | 187 | 44 |
| עלעגיע לעוואנדא | 189 | 46 |
| דאָס ליעד פון אייזענבאהן | 190 | 51 |
| רב יעקב משלם | 191 | 54 |
| דער אריסטאָקראט | 192 | 58 |
| צו די שטערען | 194 | 61 |
| אויף דיין אלטען וועג | 197 | 65 |
| די לבנה | 198 | 69 |
| נאָך דעם נייסטען זשורנאל | 199 | 72 |
| די קאָנטראסטען | 200 | 76 |
| משה מיט זיין דור | 202 | 80 |
| דער חילוף | 203 | 85 |
| די פערשיעדענע וועלט | 206 | 91 |
| דער וועלט טהעאטער | 205 | 87 |
| דער צבויאק, 1טער טהייל | 207 | 95 |
| " " 2טער טהייל | 208 | 98 |
| דער איזבארשטשיק | 209 | 100 |
| מיר זיינען קינדער | 211 | 103 |
| פון חדר זאָגט מען ניט אויס | 212 | 106 |
| די פערדאָרבענע בילדינג | 213 | 109 |
| דער פראם | 215 | 111 |
| דאָס ליעד פון פייגעל | 216 | 113 |
| זאָגט קדיש נאָך דער וועלט | 217 | 116 |
| דער זייגער | 219 | 119 |
| דאָס ליעד פון אויג | 221 | 121 |
| דער פוסטער פראָנט | 220 | 124 |
| אידישע שידוכים | 222 | 125 |
| דאָס ליעד פון די אטלעס | 222 | 128 |
| די בלום | 223 | 129 |
| דער אלטער פאָטער | 224 | 131 |
| דער זומער מיט דעם ווינטער | 225 | 134 |
| רחל מבכה על בניה | 227 | 136 |
| שולמית | 227 | 139 |
| די פארמאסקירטע וועלט | 228 | 142 |
| דער שטאק שפיעל | 230 | 145 |
| קאָלומבוס און וואשינגטאָן | 231 | 146 |
| דער פעדלער | 232 | 151 |
| פארזעהן—פארשפיעלט | 233 | 153 |
| א בריעף פון דער מוטער | 234 | 155 |
| דאָס גאָלדענע לאנד | 234 | 158 |
| דער גרינער | 235 | 163 |

# אליקום צונזער׳ס לידער

פון קלמן מרמר.

אליקום צונזער האָט געשאפען לידער נאָך איידער דער זיידע פון דער אידישער ליטעראטור (מענדעלע) האָט אָנגעהויבען שרייבען און נאָך איידער דער זיידע פונ׳ם אידישען ארבעטער-וואָרט (ווינטשעווסקי) איז געבאָרען געוואָרען.

און דאָך,

צונזער׳ס לידער, געזונגען אויף די חתונות פון אונזערע באָבעס און זיידעס, אויף די שמחות פון אונזערע מאמעס און טאַטעס ווערען נאָך אויך געזונגען פון אונזער דור.

דאָס איז דערפאר, ווייל צונזער׳ס ליד איז פאָלקס-דיכ-

טונג; ווייל זיין געזאנג האָט די תמימות און די איינפאכקייט פונ׳ם עכטען פאָלקסליד.

ניט אומזיסט איז צונזער געווען אזוי באליבט דריי דורות נאָכאַנאַנד. קיין אנדער אידישער פאָלקס-דיכטער איז געווען אזוי באליבט און געהאט אזא ברייטען ליינער-קרייז ווי אליקום צונזער! זיינע לידער האָבען געזונגען און זיך אויסגעלערנט אויף אויסווייניג יונג און אלט, פרוי און מאן, צווישען אלע שיכטען פונ׳ם פאָלק. עס האָט זיי געזונגען דער למדן און דער פראָסטאק, דער אויפגעקלערטער און דער פרומער, דער קרעמער און דער בעל מלאכה, די באלעבאָסטע און די דינסטמיידעל, דער ישיבה בחור און דער שוסטער-יונג.

און דערמאנט מען זיך צונזערס ליד שווימען באלד ארויף אופי׳ן זכרון א ריי בילדער פון די קינדער-יאָרען.

שבת פארנאכט. אויף די פענסטער ציטערן די לעצטע שטראלען פון דער אונטערגעהענדיגער זון. דער טאַטע פארמאכט זיין ספר און זיצט פארטראכט. דאָס קליינוואַרג טוליעט זיך צו איהם און ער גלעט זייערע שווארצע קעפּלעך. נאָך א ווייל און אין שטוב ברעכט אויס א געזאנג, וואָס נאָגט דאָס הארץ מיט א מאָדנעם זיסען ווייטאָג. דאָס זינגט דער טאַטע, באגלייט פון דער מאמען און דער עלטערער שוועסטער, דאָס קלאָג-ליד פון דער מוטער רחל — „רחל מבכה על בניה“:

„די זון האָט אָנגעוויזען אין מערב זייט.
מיט די רויטע פלאַמען, אַז זי נעמט אָפּשייד,
און די נאַכט מיט איהר פינסטערקייט,
האָט אָנגעטאָן די ערד אין אַ שווארצע קלייד.
די וועלט מיט איהרע לייט שווייגען שטום:
די נאַטור שלאָפט סאַי בערג, סאַי טאָל.
די לבנה געהט זיך גאנץ שטיל ארום,
פון די שטערן הערט מען אויך קיין קול.
נאָר אַ שטימע די שטילקייט צושלאָגט,
אַ קול פון אַ פרוי וויינט און קלאָגט,
און שרייט נעבאך פון איהר געצעלט:
פארוואָגעלט בין איך אויף דער וועלט.“

און ווען דער טאַטע ענדיגט דאָס ליד איז שוין אין שטוב שטאָק פינסטער. עס איז שוין צייט מעריב-ראַוונען. נאָר אויפ׳ן פארלאנג פון זיין יונגען „פובליקום“ גיט דער טאַטע אויך אָן „אנקאָר“, דעם „קול ממרומים“ (די שטים פון אויבען) — די געטליכע ווערטער פון טרויסט און האָפנונג, וואָס זינגט זיך מיט אזוי פיל הארציגער אינערליכער פרייד:

צי דו מיין טאָכטער טוסט עס ברומען?
די אויגן איז דיר פול.
דיינע טרערען איז געקומען,
צו מיין הימעל־שטול.

גענוג צו לאָזען טרערען רינען
הער שוין אויף דיין ליד;
אין ים קען מען אַ גרונט געפינען,
צו דיין טרויער ניט.“

„הער מיין קינד שוין אויף צו קלאָגען
מען מוז געדולדיג זיין;
צום ענדע נאַכט וועט דיר אויסטאָגען,
וועסט נאָך זעהן די שיין.“

אַן אנדער בילד. —

דאָס קליינע ישובניקל ווערט געשיקט לערנען אין א שטעטעל. האָרעוועט עס זיך דאָרט אונטער דער פרומער באָבעס השגחה, און ווען עס קומט פונ׳ם חדר א היים, פארמאכט די באָבע איהר גרויסען-גראָבען קרבן-מנחה-סידור. זי דערלאנגט דעם אייניקעל עסען און זינגט דערביי איהר באליבט ליד: „די פארמאַס-קירטע וועלט“:

„דער שטאָט, די מאָדע, דער פירונג דער ברייטער,
דאָס האַקט אונז, דאָס קירצט אונזער פרייער וועלט.
מען קריכט, מען קלעטערט מיט כחות אויפ׳ן לייטער,
מען פיינט־זיך, מען פוצט זיך ווי אין מאסקאראדען פארשטעלט.
די מאָדע איז דער רוצח,
זי ברייננגט אונז אום נאמנות,
זי איז דער מזבח,
מיר זיינען די קרבנות.
די וועלט פליט ווי רויך,
פון כבוד בלייבט קיין דוך,
אַז דער האָן זיצט ווי הויך
בלייבט ער פאָרט אַ פעטוך...
אַז וואויל איז געווען
פארצייטען צו זעהן
ניט געפוצט, ניט געבאָרגט,
אויסגעפיהרט די וועלט
מיט כבוד, מיט געלט,
און קינדער אויף אייביג פארזאָרגט.

און אָט איז יום-טוב אינ׳ם שטעטעל. ס׳איז שמיני-עצרת. דער עולם איז בגלופין און פרעהליך. ביים יונגען לוסטיגען רב׳ל אין שטוב איז פארזאמעלט כמעט די גאנצע מאנסבילשע באַפעלקערונג פונ׳ם שטעטעל: קליינהענדלער, קרעמער, קאראבעלניקעס, בעלי-מלאכות און ישיבה-בחורים. די יוגענט זינגט א ליד נאָך א ליד, אין סאָלאָ און אין כאָר. נאָר כמעט אלע געזאנגען זיינען צונזערס. זיי זיינען די זעלבע, וואס הערען זיך א גאנץ יאָהר נאָכאנאנד ביים קאָכען און באקען, ביים נייען און הובלען.

אין אליקום צונזער׳ס ליד האָט דאָס פאָלק דערקענט זיין

אייגענע לעבענס-פילאָזאָפיע, זיינע אייגענע האָפנונגען און אנטוישונגען, ווארום אליקום צונזער האָט ארויסגעזונגען זיין ליד פון די הערצער פון די פאָלקסמאסען. ער האָט אויסגעזונגען אין

הארציגע פערזען און סטראָפען יענע געפיהלען און געדאנקען פאר וועלכע די שטומע פאָלקס-נשמות האָבען קיין ווערטער ניט גע-האט.

אליקום צונזער האָט גערעדט די שפּראך פונ׳ם פאָלק און באנוצט די סאמע איינפאכסטע ווערטער. ער איז געווען דורך און דורך פאָלקסטימליך, אפילו ווען ער האָט געזונגען זיינע מאָטיווען פון לומדות און השכלה. ער איז געשטאנען נענטער צו די פשוט׳ע אידישע מאסען ווי בעריל ראָדער און וועלוועל זבאר-ושער. ער איז געווען ווייניגער באאיינפלוסט פון פרעמדע קוועלען ווי מיכל גאָרדאן און אברהם גאָלדפאדען. אפילו העברעאיש, די שפּראך פון וועלכע ער האָט געצויגען זיין גייסטיגע השפעה, האָט מעהר באאיינפלוסט דעם אינהאלט פון זיין ליד ווי זיין פאָרם. זיין מייסטערשאפט פון גראם, ריטם און פערז-מאָס האָט ער זיך אליין געשאפען.

צונזער׳ס לידער האָבען נאָך דערצו די מעלה, וואָס זייערע מעלאָדיען זיינען פון איין אויסגוס מיט זייערע ווערטער. וואָרט און נגון שטאמען ביי איהם פון איין קוואל און גיסען זיך צו-זאמען צו איין הארמאָנישער גאנצקייט. צונזער׳ס יעדעס ליד האָט זיין באשטימטע מעלאָדיע אָהן וועלכער עס איז ווי א גוף אָהן א נשמה. ניט אומזיסט האָט צונזער געוואָרענט (אין זיין אריינפיהר צום ליד „דער אלטער פאָטער“):

„לעזער!
אויב איהרלייענט אין ביכעל מיינע לידער
און די מעלאָדיע האָט מען אייך ניט איבערגעגעבען,
איז דאָס ווי אַ פאָטאָגראפיש בילד, ליבע ברידער!
דאכט זיך אלעס ריכטיג, נאָר עס פעלט — לעבען.“

דער פאקט, וואָס צונזער איז אלעמאָל געשטאנען פנים אל פנים מיט זיין פובליקום האָט געווירקט, אז זיין ליד זאָל קיינ-מאָל ניט פארלירען איהר פאָלקסטימליכען כאראקטער. דאס האָט אויך געשטארקט זיין טענדענץ צו שאפען דירעקט פונ׳ם לעבען. אליקום צונזער האָט, ווי ער דערקלערט, ניט געזונגען צוליב׳ן זינגען, ניט געקרייט צוליב׳ן קרייען, נאָר כדי צו ברייג-גען נוצען: אויפצואוועקען די שלאָפענדיגע, ארויפצופיהרען אויפ׳ן גלייכען וועג די בלאָנדזשענדיגע.

אָט-דער טענדענץ זיינער איז צונזער טריי געבליבען ביז׳ן סוף. קומענדיג קיין אמעריקע האָט ער באלד אויסגערופען (אין זיין ליד „צום פעדלער“):

„וואָס זינגט איהר, פּאָעטען, פון בלומען, פון פויגעלעך,
דאָס ליד האָט לאנג שוין איהר צייט אָפּגעלעבט!
דאָס פּאַסט צו פארשלעפערען קינדער אין וויגעלעך,
גיט בעסער דעם קראנקען זיין היילונגס-רעצעפּט!
איהר זעהט, אייער פאָלק ליגט יעצט אין סכנות,
מען רעדט פון זיי העכער... וואָס קען זיין דער סוף?
גיסט צו צו דער מוזע איין טראָפּען רחמנות,
און פירט אויף אַ וועג די פארבלאָנדזשעטע שאָף!“

א פּאָר יאָהר שפּעטער (אין 1892) האָט צונזער פארפאסט וועגען דעם זעלבען ענין א גאנצען ליד פון 40 סטראָפען, מיט׳ן נאָמען „שעהנקייט און נוצען“. דינען דאָס פאָלק, איהם ברייגגען נוצען; זיין דער שופר אויף זיינע ליפּען און אויסדריקען זיין לייד און פרייד; איהם וועקען, שטראפען, טרייסטען און אויך אמוזירען — דאָס איז געווען אליקום צונזער׳ס אויפגאבע אינ׳ם לעבען, וועלכע ער האָט טריי דערפילט פאר דריי דורות נאָכ-אנאנד.

---

אליקום צונזער׳ס לידער האָבען דורכגעמאכט א לאנגע אנט-וויקלונג. ער דערקלערט עס אליין אין זיין ליד „צו מיינע פריינד“, געשריבען אויף די עלטערע יאָהרען. ער זאָגט דאָרט אזוי:

„די אנטוויקלונג פון מיינע לידער
איז די אנטוויקלונג פון מיינע ברידער
פון אכטצען פינף און פופציג, פון צייט איך פאנג זיי אָן.
דער איד איז דאן געוועזען
פאנאַטיש און אומבאלעזען;
שרייב איך פאר איהם קליינלעך, ווי ער פארנעמען קאָן.
און פיל דער איד שטייגט העכער,
זיין פאנאַטיזם שוואַכער,
ווערט מעהר דיינקענד מיינע לידער, פינקטליך טריט ביי טריט.
זוכט נאָך די מעטאָדע,
דערקענט איהר זיין פעריאָדע,
ווי ער שטעהט, אויף וואָסער שטופע געה איך מיט איהם מיט.“

שוין אין זיינע ערשטע לידער, געשריבען אלס יוגענטליכער ארבייטער, ווייזט זיך ארויס אליקום צונזער אלס מייסטער צו פערזאָניפיצירען פארשידענע נענענשטאנדען. א תפלה, א ליכט, א זייגער, זומער און ווינטער ריידען ביי איהם ווי מענשען און מ׳קאן פון זיי ארויסנעמען א מוסר השכל.

נאָר זיין גרויסע קראפט צו רירען הערצער מיט זיין ליד, ווערטער און מעלאָדיע, האָט אליקום צונזער אויסגעפונען קנאפע צוויי יאָהר שפּעטער, אין 1855, ווען מען האָט איהם „געכאפט“ אויף אָפּצוגעבען אין סאָלדאטען.

דער אָרימער יוגענטליכער ארבייטער, וועמעס הארץ האָט נאָך געזאָטען געגען דאָס אומרעכט צו זיין אינגערען, ניין יאָה-ריגען ברודערל, האָט איצט דערפילט אויפ׳ן אייגענעם לייב די פארברעכענס פון די „קהל׳ישע מאכערס“ צו די קינדער פונ׳ם אָרימען פאָלק. האָט ער אין קאזארמע אָנגעשריבען א לאנג ליד פון 108 סטראָפען אונטער דעם טאָפּעלטען נאָמען „די פּאָימא-נעס“ (געכאפּטע סאָלדאטען) אָדער „געשטאנען צום משפּט און ארוים שולדיג“. דער יונגער צונזער קלאָגט אָן זיין פאָלק פאר דעם שוידערהאפטען פארברעכען פון דער „כאפעריי“. דאָס ליד געזונגען פון איהם אין א כאָר פון „פּאָימאָניקעס“, מיט וועלכע ער האָט עס איינגעשטודירט, האָט געמאכט ווייגען אפילו זיינע וועכטער, „די מלאכי חבלה מיט די שטיינערנע הערצער, מיט די אייזערנע נערוועז“.

אווילנער איינגעל פון די פערציגער יאָהרען, מיט א שעהנע שטים צום זינגען, מיט א הארץ, וואָס ווערט אויפגערעגט פון אומרעכט און מיט א טאלאנט פאר משלים, פּאראלעלען און גלייכווערטלעך האָט ער געקאָנט ווערען א חזן אָדער א מגיד. נאָר ווערענדיג פריה אָנגעהויכט פונ׳ם גייסט פון השכלה, האָט זיך זיין טאלענט ניט געקאָנט באשריינקען אין די פיר ווענט פונ׳ם בית המדרש. ער האָט געמוזט ארויסטראָגען זיין חזנות און מגידות אין גאס און ווערען א בדכון ביי אידען.

די אידישע אריסטאָקראטיע האָט ניט שטארק געליבט, ניט דעם חזן און ניט דעם מגיד, וועלכע זיינען ביידע געשטאנען נאָנט צום פשוט׳ן פאָלק. באזונדערס איז עס געווען דער מגיד, דער מוסר-זאָגער, וואָס האָט זיך מערסטענס איינגעשטעלט פאר די אָרימע פאָלקסמאסען, וועמעס פּראָדוקט ער איז געווען. נאָך מעהר פאָלקס-מענש איז געווען דער בדחן, וואָס איז געווען צייי-טענווייז אן עכטער פאָלקס-טיראן און ארויסגעזאָגט אלע זייערע קריוודעס קעגען די אונטערדריקער, גע׳מוסר׳ט די לעצטע און אמאָל זיי אויך ניט געזשאלעוועט קיין קללה.

צונזער׳ס ערשטע לידער פון דער איבערגאנגס עפּאָכע, פון אן ארבייטער, א שמוקלער, צו א פאָלקס-זינגער, זיינען דורכגעדרונגען פון פאָלקסטימליכער פילאָזאָפיע, באהויכט פון מגיד׳ישער מוסר:

„די וועלט איז דער טייך, טיף און שטרענג,
דער פראָם דאָס איז די צייט;
אינעווייניג מענשען אָנגעשפּאַרט ענג,
און ער שיפט עס צו יענעם זייט"...
(„דער פּראָם")

„מען זאָל זיך באַרעכענען טעג און יאָהר, —
ווי עס רוקט זיך רק אונטער דער ווייזער.
און אזוי פליהט אַוועק יאָהר נאָך אַ יאָהר,
און ער ווערט רק עלטער און גרייזער."
(„דאָס ליד פון זייגער")

„די אלע פארגניגען פון יעדער מינוט
איז דאָס צו אַ חלום געמעלט.
אַז יעדער שעה רופט מיר רק מיט,
עס ווערט מיר רק פינסטער מיין וועלט".
(„דאָס ליד פון אויג")

אין אָט די אלע לידער, אין וועלכע עס ווייזט זיך שוין ארויס זיין מייסטערשאפט פון לידער־פאַראַלערען, איז נאָך דאָס אידיש פאָלק פאר צונזער'ן, אזוי ווי פאר זיינע צייט־חברים איין געשלאָסענע עדה. אמת, ווען ער רעדט פון „בעלי מלאכות" גיט ער צו די ווערטער „אָרענטליכע לייט" (אין „דאָס ליד פון זייגער") און ווען ער מאָלט אָפּ די אָרימקייט און דאָס ליד „זאָגט קדיש נאָך דער וועלט", אונטערשטרייכט ער מיט א סך מיטגעפיהל די לאגע פון אָרימען בעל־מלאכה. נאָר בכלל זעהט ער חסרונות און ליידען פון דעם געמיינעם ביז דעם רייכען גראד"—

„דעם פעלט געזונט, דעם כבוד, דעם געלט,
דעם פרנסה, דעם קינדער, דעם לעבען אויף דער וועלט."

ניט געקוקט אויף זיין לערנען אין ר' ישראל סאלאנטער'ס קלויז, איז דאָך דער יונגער צונזער אויך מיטגעריסען געוואָרען פון דעם השכלה־גייסט פון יענער צייט. ער האָט געטיילט די באגייסטערונג פון די משכילים פאר די ערשטע רעגירֿיאָהרען פון קייזער אלעקסאנדער דעם צווייטען. צונזער האָט, ווי ער דערצעהלט אין זיין אויטאָביאָגראפיע, „מיט ווארער קינדערשע באגייסטערונג" פארפאסט זיין ליד „די בלום", וואו ער האָט אלעקסאנדער'ן „פאָרגעשטעלט פאר א מלאך, וואס האָט געפונען אין מיסט א בלום, וואָס איז אויסגעריסען געוואָרען פון ציונ'ס גאָרטען, און זעהענדיג ווי אלע טרעטען זי מיט די פיס, האָט ער אויף איהר רחמנות געהאט און האָט זי אויפגעהויבען. ער האָט פון איהר ארונטערגעווישט דעם שטויב, האָט זי באַלעבט מיט פרישען וואסער, האָט זי אָנגעפלאנצט אין א בלומענטאָפּ און האָט זי אוועקגעשטעלט אין זיין גאָרטען צווישען אנדערע בלומען".

נאָר ביי אליקום צונזער איז אָט דער עכטער השכלה־הימן געוואָרען א טראַדיציאָנעל־פרום ליד, אין אידיש און לשון־קודש. פרומע אידען, און ניט בלויז פּראָסטאקעס, נאָר אויך באדייטענדיגע לומדים האָבען אָט דאָס ליד געזונגען און זינגען עס נאָך ביז היינטיגען טאָג. די חובבי ציון און ציוניסטען, האָבען ארייננערעכענט „די בלום" צווישען זייערע אויסגעוויילטע ציון־לידער. אזאַ כח האָט געהאט די תמימות'דיגע פאָלקסטימליכקייט פון דעם יוגענטליכען צונזער. אָט די מעלה זיינע צו געפינען דאס ריכטיגע וואָרט צום הארץ פונ'ם פאָלק, האָט איהם אויך סוף־כל־סוף דערהויבען פון אן „אליקום ברחן מווילנא" צו דעם אין אלע וועלטטיילען בארימטען פאָלקסדיכטער אליקום צונזער!

נאָר דעם יונגען צונזער'ס באגייסטערטקייט פאר דער השכלה האָט ניט פארבלענדט זיינע אויגען אויך צו זעהן איהרע ווילדע פלאנצען: „דער פוסטער פראנט", „די פארדאָרבענע בילדונג", א. ד. ג. און וואס עלטער צונזער ווערט, און וואס מעהר ער קוקט זיך צו צום אידישען לעבען, אלץ שארפער ווערט זיין קריטיק. ער לאכט אויס אלץ וואס איז פארשימעלט און פארפוילט אינ'ם אידישען לעבען: די באָדענלאָזעקייט פון זייערע פרנסות, די הינטישע הכנעה פאר'ן פריץ, די פאלשע סיסטעם פון קינדער־דערציהען, דאס נארישע גלויבען אינ'ם „רבין" א. ז. וו., נאָר דאָס אלץ טוט צונזער מיט אן איידעלער איראָניע, מיט א פיינעם הומאָר, וואס פארצוקערט די ביטערסטע פילען. ער איז דאָך געווען ניט בלויז א דיכטער און פּובליציסט, וואס שרייבט פאר ניט געזעהענע לעזער, נאָר א זינגער און רעדנער, וועמעס צוהערער קוקען איהם אין די אויגען און שלינגען זיינע ווערטער.

טיפער ווערט צונזער'ס ליד נאָך זיין אומגליק אינ'ם אָנהייב פון די זיבציגער יאָהרען, ווען די כאָלערא האָט גאנץ אָפּגעמעקט זיין הויזגעזינט פון דער ערשטער הייראט. אין יענער צייט זוכט צונזער זיך אויפצוהויבען איבער צייט און אָרט, און אין זיין ליד „דער פאָטשטאָווער גלעקעל" (ערב ראש השנה לשנת תרל"ב) זינגט ער דאס ליד פון אייביגקייט, פון אומאויפהערליכען קומען און פארגעהן, זיין און ווערען:

„די צייט ווערט אלט מיט יאָרען,
און די אייביגקייט איז רק יונג".

נאָר צום סוף ברעכט דאָך דורך דאס אונטערדריקטע שמערץ־געפיהל און דער פאָלקסזינגער, וואס היט זיך שטענדיג ניט ארויסצוטראָגען אין דער עפענטליכקייט זיין אייגען לייד, דערצעהלט מיט א פארשטיקטער שטים, אז דער יאָהר „תיו ריש למד אלף" האָט איהם געמאכט מיט „לויטער צרות זאט" און „געקוילעט מיט זיין חלף" פיל קינדער — ער דער זינגער — האָט „געהאט". און צונזער ענדיגט מיט א געבעט:

„דו נייער יאָהר
דיר בעט איך נאָר
זיי כאָטש דו ניט שלעכט אַזוי ווי ער,
אין דיין פליגעל שוץ
ברענג וואָס גוטס,
טרייסט, און זאָג מיר שוין: „וויש אָפּ דיין טרער!"

ער ווערט אויך באלד געטרייסט און הייבט אָן אין זיין נייע היים, אין מינסק, א נייעם לעבען. ער ווערט מעהר אומאָפּהענגיג און זאָגט ארויס שארף און אנטשיידען, וואס ער דיינקט פון די פאָלקס אונטערדריקער. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון די זיבציגער יאָהרען, וואס האָט אריינגעדרונגען אין דער אידישער און העברעאישער ליטעראטור האָט אויך צונזער'ס ליד ניט אויסגעלאָזען. אין יענע יאהרען פארדאמט צונזערס ליד ניט בלויז דאָס קהל־שטיבעל מיט „די גאנצע כאָפּטע שטאָט בעלי טובות". צונזער גראָבט טיפער. ער ווייזט אָן, וואו מען זאָל זוכען די אמת'ן נביאים:

„מכיה'ן פּאַטשט מען אין פּנים,
ירמיהו'ן געזעצט אין אָסטראָג,
זכריה'ן פארגיסט מען די דמים
מיט די פאלשע נביאים'ס פארזאָג".
(„דער צבוע'יאק")

און ער פארדאמט די אָרדנונג, וואו —

די ווערען פרינצען, די אונטערטאָנען,
איבער טויזענטער לייבקנעכט — א י י ן אריסטאָקראט;
דער איינער אויף לוקסוס, פארשווענדט מיליאָנען,
די חאָרעווען און שאפען — און קיין ברויט ניט צו זאַט!
אין איין לאנד וואָס איך זעה זיך אָן
וואָס דאָרטען צוטוט אָ טיראַן:
באשאפט זיך אן אינקוויזיציאָן,
בלוט פלייצט דאָרט ווי פון אָ קראַן,
די בעסטע לייט ווערען געשטיקט,
דאמען ברייגגט ער אין גרוב גלייך;
נאָך סיביריען ווערען זיי פארשיקט,
און לאָזט זיי פארשמייסען אויף טויט.״
(„די לבנה״)

נאָך מעהר האָבען איהם געלונגען זיינע לידער פון חבת ציון און אנטטווישטקייט אין השכלה נאָך די פּאָגראָמען פון די אכצינער יאָהרען. גאָר באזונדער פּאָפּולער זיינען געווען זיינע לידער „שיבת ציון״, „דער נייגצענטער יארהונדערט״, די „עלעגיע״, „לעוואנדע״ און „די סאָכע״. פונקט אזוי ווי זיין עכט השכלה־ליד, „די בלום״ איז געזונגען געוואָרען פונ׳ם פרומען עולם, אזוי זיינען צונזערים ציון־לידער געזונגען געוואָרען פון אן עלעמענט וואָס האָבען נאָך דאמאָלס ניט געחלומ׳ט פון ציון. ארבייטער־מיידלעך האָבען נעדרעהט די זאָקען־מאשין, געגייט און געשטעפּט און דערביי געזונגען:

„וואָס זעה איך דורך די שויבען? —
עס פליהען אָן ווי טויבען, —
מיין יוסף, מיין בנימין, קלאפּען אין מיין טיר.
אַך, הימעל, גאָט, די וואונדער!
איך זעה דאָך מיינע קינדער,
די ליבסטע און די טרייסטע קומען אָן צו מיר.״

נאָר מיט קיין ליד האָט צונזער אזוי ניט צונומען די הערצער פון דער אידישער ארעמקייט ווי מיט זיין ליד „די סאָכע״. דאָס ליד האָט אויסגעדריקט דאס שטרעבען פון אידישען לופטמענש ניט מעהר צו דארפען לייען, באָרגען און זארגען, צו ווערען פטור פון מאָדעס און לוקסוס, פון קאָנקורענץ, פון די שווערע זאָרג צו דערציהען קינדער און געבען די טעכטער נדן. דערביי האָט דאָס ליד אויך אפּעלירט צו דער בייגקשאפט פון אידישען פאָלק צו ארץ ישראל.

* *
*

אליקום צונזער, וואס האָט דורכגעלעבט די עפּאָכען פון תמימות׳דיגער פרומקייט, השכלה, אסימיליאציע און צאריזם, האָט אויך דורכגעמאכט די עפּאָכע פון עמיגראציע. נאָר כאָטש ער איז געקומען קיין אמעריקע שוין אן עלטערער מענש, האָט ער זיך באלד ווידער גענומען צו זיין לעבענס אויפגאבע: וועקען און שטראָפען. ער איז ארויסגעטראָטען געגען פעדלען, וואס ער האָט באטראכט פאר בעטלעריי און שווינדעל. זיין אידעאל איז געווען צו זעהן נאָר פארמער פון אידען, וואָס זאָלען „לעבען צוזאמען, אין שלום און פרייד...״

זיין שטארקע ליבע צו דער נאטור, זיין שנאה צו בטלנות, שווינדעל און צביעות האָט אויך באזעלט זיין אמעריקאנעם ליד. ער האָט אויך אין אמעריקע אגיטירט, אויפגעקלערט, באקעמפט אלץ וואָס איז פארדאָרבען און מיאוס און דערמוטיגט אלץ וואס איז פּראָגרעסיוו און שעהן. נאָר ווען אנשטאט פעדלער זיינען

אויסגעוואקסען ברייטע ארבייטער מאסען, האָט זיך צונזער׳ס אויפגאבע פארענדיגט. אין זיין ליד „דריי סטאָנציעס״ רעדט ער פון די וואס האָפען „עס זאָל זיך אויסגלייכען ווי מיט קאפּיטאל״ און די צוויי־פיסיגע חיה זאָל ווערען „מענשליכער״. ער סימפּאטיזירט דערמיט, נאָר ער דיינקט, עס איז נאָך וויים דערצו. זיין באגייסטערונג האָט ער געשעפּט, ווי ער האָט מעגלויבט, פון א גאנצע נאציע, פון א ליידענדיגען פאָלק, נאָר ניט פון בלויז א קלאס, מעג עס אויך זיין דער נערעכטער און נעקריוודעטער. אין זיינע יאָהרען פון הויכער אנערקענונג און באַרימטהייט האָט צונזער אנאליזירט זיינע „געפיהלען״ אין א ליד מיט אָט דעם נאָמען אין אָט אזוינע ווערטער:

„מיין הארץ עלעקטריש׳ קראפּט האָט
מיינע נערווען — אָ טעלעגראפענער דראָט,
איין ברעג איז אָנגעטאָן
אויף מיין נאציאָן,
דער צווייטער ברעג קומט מיר צום לונג;
ווי זאָל וואָס געשעהן,
איך זאָל עס הערען, צוזעהן,
פליהט מיר אין הארצען דער פונק.״

נאָר דער ארבייטער־קלאס האָט צו צונזער׳ס הארץ ניט גערעדט אזא שפּראך. האָט דער נייער קאמף ארויסגערופען נייע זינגער. דאָך גראד די דיכטער פון ארבייט און נויט, ווינטשעווסקי און ראָזענפעלד האָבען מעהר ווי אנדערע געוואוסט ווי אָפּצושעצען די לעבענס־ארבייט פונ׳ם אלטען פאָלקס־זינגער.ביידע האָבען וועגען איהם געשריבען מיט ליבע און אכטונג, און מאָריס ראָזענפעלד האָט ניט גערוהט ביז ער האָט דורכגעפיהרט, אז דער אידישער עולם אין אמעריקע זאָל עפענטליך עהרען דעם זינגער פון דריי דורות.

די פּיאָנערען פון דער מאָדערנער ארבייטער דיכטונג, וועמעס ליד איז נאָך געווען דער עיקר געזאנג און געהאט די טענדענץ צו וועקען, שטראפען, אויפקלערען און באלעהרען, האָבען געזעהן אין אליקום צונזער זייער גייסטיגען פאָטער. זיי האָבען טיפער ווי אנדערע דערפיהלט, אז הינטער אליקום צונזער׳ס פשוטע, ניט געקינסטעלטע ווערטער האָט געציטערט א ווארעמע הארץ, וואס האָט געלעבט און געליטען מיט זיין ליידענדען פאָלק און אלעמאָל געפונען פאר איהם דאס ריכטיגע וואָרט אין דער ריכטיגער צייט.



# פעהלער פארבעסערונגען

פיידזש 175. אנשטאט „בדכון“ דארף שטעהן „בדחן“.

" " אנשטאט „פאָלקס-טיראן“ דארף שטעהן „פאָלקס-טריבון.

" 178. „דער פאָטשטאָווער גלעקעל“, סטראָפע 5, 16טע שורה, אנשטאָט „קייטען“ דארף שטעהן „קייט“.

" 179. „דער פאָטשטאָווער גלעקעל“ ענדע. אנשטאָט „1870“ דארף שטעהן „1871“.

" 180. „שיבת ציון“ (העברעאיש) 2טע סטראָפע, 3טע שורה, אנשטאט „השכת“ דארף שטעהן „חשכת“.

" " „שיבת ציון“ (העברעאיש) 2טע סטראָפע, 9טע שורה, אנשטאט „בכאָ“ דארף שטעהן „בכא“.

" " „שיבת ציון“ (העברעאיש) 3טע סטראפע, 11טע שורה, אנשטאט „ופלגי“, דארף שטעהן „ופלג“.

" " „שיבת ציון“ (העברעאיש) 5טע סטראפע, 10טע שורה, אנשטאט „לכנות“ דארף שטעהן „לבנות“.

" 181. „די סאָכע“ 6טע סטראָפע, פעהלט א שורה (פאר דער לעצטער) „און אין פעלד א הירט“.

" 184. „דאָס אונשטערבליכע פאָלק“, 3טע סטראָפע, אנשטאט „גערוזט“ דארף שטעהן „גערייזט“.

" " „דאָס אונשטערבליכע פאָלק“, 4טע סטראָפע, אנשטאט „פערפעסטען“ דארף שטעהן „פער-פעסטען“.

" 189. „עלעגיע לעוואנדא“, 4טע סטראָפע, אנשטאט „סמאָלענסקי“ דארף שטעהן „סמאָלענסקין“.

" 200. „די קאָנטראסטען“ (אָדער שני הפכים בנושא אחד).

" 204. „דער חילוף“, 5טע סטראָפע, אנשטאט „גע-שווינט, דארף זיין „געשווינט“.

" 205. „דער וועלט-טעאטער“, 2טע סטראָפע, אנשטאט „שופלאָד“ דארף זיין „שופלאָר“.

" 209. „דער צבוע׳יאק“, אנשטאט „4781“, דארף שטעהן „1874“.

" 215. „די פארדאָרבענע בילדונג“, 14טע סטראָפע, 4טע שורה, אנשטאט „הגחה“, דארף שטעהן „השגחה“.

" " „די פארדאָרבענע בילדונג“, אנשטאט 1855, דארף שטעהן „1858“.

" 219. „דאָס ליד פון זייגער“, 1טע סטראָפע, רעפריין, אנשטאט „טמערץ“, דארף שטעהן „שמערץ“.

" " „דאָס ליד פון זייגער“, 5טע סטראָפע, די ערשטע שורה איז אן איבעריגע.

" 222. „אידישע שדוכים“, אנשטאט „שדוחים“.

" 224. „שושנה“ א, 2טע שורה, פעהלט דער שלום-וואָרט „עינים“.

" " א, 3טע שורה, אנשטאט „עליה“ דארף שטעהן „עלה“.

" " ג, 2טע שורה, אנשטאט „אבדון“, דארף שטעהן „אבדן“.

" " ד, 9טע שורה, אנשטאט „נגלתי“, דארף שטעהן „נגליתי“.

" 225. „דער זומער מיט׳ן ווינטער“, אנשטאט „פליעג-לען“ דארף שטעהן „פליעגען“.

" 227. „רחל מבכה על בניה“, 4טע סטראָפע, 8טע שורה, דארף זיך לעזן „וואו מען שיסט — איז ער דער ציעל“.

" 229. „די פארמאסקירטע וועלט“, 7טע סטראָפע, 2טע שורה, אנשטאט „געהט“ דארף שטעהן „נעהט“.

" 230. „די שטאָק שפיעל“, 4טע סטראָפע, 6טע שורה, אנשטאט „גוט“ דארף שטעהן „נויט“.

" 231. „די שטאָק שפיעל“, אנשטאט 1780 דארף שטעהן „1870“.

" 234. „פארזעהן-פארשפיעלט“, 11טע סטראָפע, 7טע שורה, דארף זיך לעזן „די וועלט האָט ניט איינ-מאָל פארבלאָנזשעט—פארקראָכען“.

" " „פארזעהן-פארשפיעלט“, (ענדע) אנשטאט 1880 דארף שטעהן „1891“.

" " „אַ בריעף פון דער מוטער ציון“, 3טע סטראָפע, פעהלען צוויי גאנצע שורות. דער פערז לייענט זיך אזוי:

3.

נאָר פון אייך, מיינע קינדער, האָב איך קיין געריסען,
איהר האָט זיך אפּנים פארגעסען אָן מיר:
איהר ווילט פון דער מוטער, פון ציון, ניט וויסען,
עס גיהט פון אייך קיינער וואס עפענט מיין טהיר.
ביי מיר בויט מען שטעט, עס בליהט נייע נעמען,
מיין פינסטערע טרויער-קלייד טהוט מען מיר אויס,
איהר וויכט נאָר, איהר ווילט גאָר קיין אנטהייל ניט
נעהמען —
דערמאָנט אייך ווער ציון, דאן לאכט איהר איהם אויס —
מיט אייער מוטער דארפט איהר זיך ניט שעהמען,
זי וואר, און זי האָפט ווידער זיין אמאָל גרויס!

פיידזש 234. „אַ בריעף פון דער מוטער ציון“, 4טע סטראָפע, 8טע שורה, אנשטאט „האסטען“ דארף זיין „האסען“.

" " „אַ בריעף פון דער מוטער ציון“, 5טע סטראָפע, 9טע שורה, אנשטאט „פליהען“ דארף זיין „פיהלען“.

" 235. „דער גרינער“, 1טע סטראָפע, 3טע שורה, אני-שטאט „איהר“ דארף זיין „איהם“.

" 236. „דער גרינער“, 2טע סטראָפע, 20טע שורה, אנשטאט „פיף“ דארף זיין „פינף“.

# ERRATA

Index Page:
Instead of "Der Blum" should read "Die Blum."
"Der Greener" instead of Page 167, should read Pages 163-235.
Improvisations instead of Page 163, should read Page 167.
"Synopsis" should read "Synopses."

Page 39. "Der Neinzenter Yohrhundert" instead of "Vechter" should be "Veker."

" 48. "Elegie Levanda," instead of Smolensky, should read "Smolenskin."

" 60. "Der Aristokrat", instead of "tzinder" should read "zinder."

" 69. "Die Levoneh", instead of "bekent" should read "dergeht."

" 74-75. "Noch dem Neisten Jhurnal," instead of "tovnach" should be "Tanach."

" 75. "Noch dem Neisten Jhurnal," instead of "leise" should be "Leisof."

" 108. "Fun Cheder Zogt men nit Ois," instead of "fersugên" should be "ferzogen."

" 136. "Rochel Mivakoh al Boneho," instead of "tzeit" should be "zeit."

# דער פּאָטשטאָווער גלעקעל

(ערב ראש השנה לשנת תרל"ב)

1

אויפ'ן גאַשטשינעץ, דער פּאָטשטאָווער גלעקעל קלינגט גאַנץ הויך,
בריעף פיהרט אונז דער פּאָטשטאַליאָן,
די בריעף זיינען פערזיעגעלט און די סומקע אויך,
פרעהליך, לוסטיג פאָהרט ער אָן.
ווי מען צוטהיילט די בריעף כשורה,
הערט זיך שוין נייס אין שטאָדט,
דער בעקומט א גוטע בשורה,
דער צווייטער אַן אונגליק האָט,
דער בעקומט א ידיעה,
ער האָט געוואונען אין לאָטעריי,
דער צווייטער רייסט שוין קריעה,
גוואלדען און גשריי.
דער נייער יאָהר איז אויך אַקוראַט,
פרעהליך פאָהרט ער אָן מיט זיין פערד און שפּאַן,
נאָר די סומקע, איז מיט א פּעטשאַט,
גאָט ווייס וואָס איז דאָרטען נייס פאַראַן.

2

איהר יאָהרען! קענט איהר מיר ניט זאָגען דעם אָרט,
פון וואנען פליסט אייער שטריינגער טייך?
און וואוהין געהט איהר אלע אוועק אָט דאָרט?
אַ שרעק נעהמט אָן צו בעטראַכטען אייך!
די צייט ווערט אלט מיט יאָהרען,
און די אייביגקייט איז רק יונג,
אַקאָרשט איז דער יאָהר אוועקגעפאָהרען,
דער צווייטער גיט שוין א שפּרונג.
צי א גוטען טאָג, צי א שלעכטען,
צי עס טונקעלט מיר, צי עס שיינט,
אבי דער היינט ווערט א נעכטען
און דער מאָרגען ווערט א היינט.
די זייגערס רק,
זיי קלאַפּען טאַק,
דאָס גיט מען אונז א וואונק, אז דער לעבען פליהט,
דער פּאָטשטאַליאָן
זאָגט אונז אָן:
ברידער! די צייט איז קורץ, פערטראַכט זיך ניט!

3

איהר יאָהרען! ווי שטריינג איהר שטראָמט, ווי שטארק איהר פליעסט!
איהר שלעפּט נאָך מיט זיך וואָס איהר טרעפט אָן,
און גאַנצע דורות איהר פערפלייצט, פערגיעסט,
און פאַלט מיט זיי אריין אין תהום,
איהר פערפליצט אזעלכע דורות
וואָס קינסטליך געווען געמעלט,
און אויף זייער בית הקברות
פערבויט איהר א נייע וועלט.
נייע מענשען פרייע,
חכמים און גרויסע לייט,
באלד ווערען אייך אלט די נייע,
מאַכט איהר מיט זיי אויך א בייט!
מיר שלאָגען פּאַליעס
אין אייערע כוואַליעס,
און איהר רייסט זיי אוים און טראָגט זיי אוועק,
דעם אלטען דור
פערפלייצט איהר גאָר —
גוואלד, דער נייער דור שטעהט אויך אין שרעק!

4

וואו זיינען די מענשען פון א דור צוריק?
וואו איז זייער שטאָלץ און הערליכקייט?
וואו איז זייער קלוגער אויגענבליק?
פערפלייצט, פערשטראָמט האָט אלץ די צייט.
דער האָט א קרוין געוואונען,
דער האָט פערוויסט פיעל שטעדט,
דער האָט אינזלען געפונען,
דער א קינסטלער, דער אַ פּאָעט;
דער בעטראכט די גרוים פון די זון,
דער האָט די גאָטהייט דערקאָנט —
וואָס האָבען זיי יעצט דערפון,
אַז עס ווערט זייער נאָמען דערמאָנט?
און ווער קען דערמאָנען
די העלדען מיליאָנען,
וואָס די צייט פערשיט שוין לאנג אויפ'ן קבר דעם שטיין;
דער נאָמען מיט די ספרים
איז מיט זיי אין די קברים,
און מיט אונז וועט זי זיך אויך בעסער ניט בעגעהן.

5

אַ דו ערד, ווי גרויס זיינען דיינע מייסטערווערק
דו צוקייסט אונז אלעמען אונטער דיינע ציין
מאכסט גראָז פון מענשען, און מעטאל פון בערג
און דו בלייבסט אייביג אין דיין פארעם שטיין
דו נעהמסט א מענשען א ריידער,
אריין דאָרט אין דיין מאשין,
דו באציהסט איהם מיט נייע קליידער
און עס געהט גאָר ארויס א בין.
דער בין לעבט אויס די יאָהרען,
גיסטו איהם צו א כעמישען עסענס
און פון בין ווערט א קאָרן
און פון קאָרן איבער דאָס ניי א מענש.
און ווען איך פארגעס
ווען איך עס
פילייכט איז די ברויט די מאָרך פון מיין פערשטארבענע קינד
און מיין פלייש און ביין איז די קייטען פון דער וועלט אליין,
און ווער ווייס וויפיעל וועלטען לעב איך שוין ביז אַצינד.

6

וויפיעל מאָל האָט שוין די ערד געביטען איהר הויט,
פערטרונקען און פערשאָטען א גאנצע וועלט,
און פון אויבען א צווייטען מאָל א וועלט פערבויט,
און די פערגאַנגענהייט פון אונז פערשטעלט.
זעהט מען דען היינט די חיות,
אזעלכע ווי אין דער ערד מיר זעהען, —
דאָס דיענט אונז נאָר פאר ראיות,
עס איז אַן אנדער וועלט געווען.
ווי גרויס איז זייערע ביינער,
אַ פויגעל גרוים ווי א פערד,

געפאַרמירט אין שוואַרצע שטיינער,
מײַלען טיעף אין דער ערד.
פון די סעקונדען,
ווערען שטונדען,
טעג און יאָהרען און דורות האָט גיך געפעהלט,
די ערד דערהיצט,
און פייער שפּריצט,
— אראָפּ! — און בויט פון אויבען א נייע וועלט.

7

דו נייער גאַסט! דו תיו ריש למד בית!
ווייז מיר די סומקע, וואָס דו פיהרסט מיט,
אויב גוטס, טאָ מאַך זשע גיכער די סומקע לויז;
אויב שלעכטס, איז גלייכער עפען ניט;
דען דער תיו ריש למד אלף,
לויטער צרות זאַט,
געקוילעט מיט זיין חלף
פיעל קינדער איך האָב געהאַט.
איך ענטלויף, שוין עטוואָס פרייער,
איך ווער שוין אין מינסק א גר,
און ער מיט זיין קויל און פייער
דער יאָגט מיר נאָך ביז אהער.
דו נייער יאָהר,
דיר בעט איך נאָר,
זיי כאָטש דו ניט שלעכט אזוי ווי ער,
אין דיין פליגעל שוין
ברענג וואָס גוטס,
טרייסט, און זאָג מיר שוין: „וויש אָפּ דיין טרער!"
1870

## שיבת ציון

שאי סביב עיניך וראי כלם נקבצו באו לך וכו'.
(ישעיה מ"ט י"ח)

1

וואָס זעה איך דורך די שויבען? —
עס פליהען אָן ווי טויבען,
מיין יוסף, מיין בנימין, קלאַפּען אין מיין טהיר!
אַך, הימעל גאָט, די וואונדער!
איך זעה דאָך מיינע קינדער,
די ליעבסטע, די טרייעסטע, קומען אָן צו מיר!
אזעלכע אזוי פיעל יאָהרען,
געמיינט איך בין פערלאָרען,
אן אלמנה, א פערוויסטע, — ליידיג ביי מיין טיש...
מיט אייך ווי איז געגאַנגען,
צייט מען האָט אייך געפאַנגען?
וואָס מאַכט יהודה און אפרים? — גיט מיר א געריש!

2

אייך גאָט ניט ליאַרעמט, קינדער!
אָט דאָס איז גאָטעס וואונדער:
די פינסטערנים וועט שטאַרקער איידער עס ווערט טאָג!
ביי דער ערשטער גאולה,
איז דאָס אויך געווען די פעולה:
דער לאַסט צולעצט ווערט גרעסער, אז משה שרייט מיט קלאָג.
מען איז אייך דן לחבוה,
און דאָס איז גראָד א טובה,
איהר זאָלט בויען אייער צענטער, דריקט מען אייך מיט נויט.
וואָלט מען אייך ניט טרייבען,
וואָלט איהר דאָרט פערבלייבען,
און אייער בונד און נאַציאָנאַלגאַסט בלייבט דאָך אונגעבויט!

3

„וואָס האָט עס פאַר א פנים?
עס לאַכען מיינע שונאים,
אז עטליכע קליינע אינגלאָך טרעטען אָן מיין פּאַל,
צי קען מען זיי דען טרויען?
צי וועלען זיי דען בויען
מיין גלאַנץ און מיין מלוכה, ווי עס איז געווען אמאָל?!"
ניין! — דאָס מוזט איהר פערגלייכען,
צו די גרעסטע טייכען,
פאַנגען זיך אָן ווי א שנירעל, פון א קליינעם קוואַל;
עס פאַלען איהר צו שטראָמען,
ביז עס שטייגט איהר נאָמען,
און אויף איהר די מאַסטען מיט די זעגלען גלענצען איבעראַל!

4

אהער קומט יענע יאָהרען!
איך בין יונג געוואָרען!
איך וואַרף אראָפּ מיין טרויער, אהער מיין זיידען קלייד!...
פול ווערט מיין הויז ווידער,
עס הויבט דאָס האַרץ, די גליעדער,
פיעל פון מיינע קינדער פאָהרען אָן מיט פרייד!
פון שמחה טרעהרען פליסען,
לאָזט מיך האַלדזען, קושען,
רוהט אייך אוים ביי מיר די ביינער, מיינע הערצענס-געסט!
איהר וועט ביי מיר קריגען,
אלע פערגעניגען,
איהר וועט ניט וויסען פרעמדע טישען, נאָר די מוטערס קעסט!

5

אָט דיעזע יונגע מענשען,
וועט די וועלט זיי בענשען,
פערלאָזען הייזער, גיטער, גלאַנץ און גליק און פּראַל;
מענשען געשטודירטע,
הויך ציוויליזירטע,
ווילען זיין קרבנות פאַר דעם גאַנצען כלל!...
ווי האָבען זיך בעשלאָסען,
אויף אלערליי פערדראָסען,
נאָר אָפּצוּוואַרפען אלע שטיינער וואָס ליגען אויפ'ן וועג...
צו ליידען שווערינקייטען,
ווי אין עזרא'ס צייטען,
און זייער נאָמען בלייבט ווי עזרא'ס ביז די לעצטע טעג!
1884

## שיבת ציון

1

מה־זאת עיני תראינה!
כיונים תעופנה,
יוסף ובנימין, על דלתותי שוקדים;
ראיתי את־לא פללתי,
בני אשר גדלתי,
מחמדי, יקירי, את־אטם פוקדים;
הלפו שנות אלפים,
נואשתי כבר מחיים,
ואני שכולה וגלמודה, בני יצאוני;
ספרו לי התלאה,
בגולה אתכם מצאה,
ושלום אחיכם בית יהודה, הלא תודיעוני.

2

אל תרגנו ואל תיראו,
כי דרכי אל נפלאו,
בטרם יאיר שחר תגדל השכת ליל;
במצרים כזאת קרה,
אל־משה זעקו מרה,
לחצם טרם כלה, עוד הגביר חיל
צר יעות צדקתם,
ובזאת יחיש גאולתם,
גזל משפט יאלצמו עלות מעמק בכא;
לולא יד מדהבה,
שכבו למעצבה,
ואבן פנה למוסדות עוד לא הונחה.

3

אויבי לי ילעגו,
כי שבי גולה שגו:
„המאלה מתי מספר עדנה תהיה לי?
„ההם יבנו נהרסות?
„ישכללו השתות,
„ירימו קרן ישעי, הודי וחילי?"
הביטו נהרות איתן,
כמעין קטן צאתן,
כחוט השני מפכים מים, עדי גאה יגאו;
ופלגי מכל רוח,
אל פיהם יגיח,
ואלפי תרני צי אדיריו רום יתנשאו.

4

שובנה שנות קדומים,
שבתי לימי עלומים,
הלאה בגדי אבלי! הבו מכללי!
נמלא כל ארמוני,
האח! מה רב ששוני!
בני בגיל ותרועה, שבו לגבולי;
פרי בטנה אם חובקת,
בדמעות גיל נושקת,
פה תחלצנה עצמותיכם אורחי קראי שם
בצלי שאננים,
תרוו מעדנים,
לשולחן זרים אל תצפו, בלתי ארוחת אם.

5

הן אלה שבי גולה,
יברך זכרם סלה,
פאר בית תחכמונם עתה יעזבו;
משכילים בכל תושיה,
רבי העליליה,
על מזבח אהבת עמם את־נפשם יקריבו!
לשאת בעול משאה,
לסבל עמל ותלאה,
למען סקל כל אבני נגף וצורי מכשלה;
לכנות עז החמה,
כעזרא ותרשתא,
ושמם ינון כשם עזרא עד דור אחרון סלה.

---

## די סאָכע

כנען בידו מאזני מרמה לעשק אהב וגו׳
עוד אשיבך באהלים בימי מועד.
(הושע י״ב ח׳ י׳)

1

אין סאָכע,
ליגט די מזל ברכה,
דער וואהרער גליק פון לעבען,
קיין זאך מיר ניט פעהלט.
עס קומט דער פריהמארגען,
איך דארף ניט לייהען, באָרגען,
דער מוח דארף ניט זאָרגען,
אויף טאָג הוצאות געלט,
עס איז אָנגעגרייט אויף ווינטער,
אַ זאסיק א געזונטער,
איך זייה איך שנייד גאנץ מונטער,
פריי אין גאָטעס וועלט.

2

פון רייכען,
ווער קען זיך צו מיר גלייכען,
ווער לעבט רוהיג, גליקליך,
ווי איך, בויער אין פעלד.
גיט נאָר גאָט דעם רעגען,
פיהל איך גליק און זעגען,

איך פיהר שוין סנאַפּעס-וועגען,
חיונה פאַר דער וועלט,
איך טהו לייט ערנעהרען,
מאַרק-לייט און שפּייכלערען,
שיעפּערס, קאָמיסיאָנערען,
און כשר איז מיין געלט.

3

פון מאָדעס,
האָב איך קיין הכבדות,
ווי אין שטאָט פערלעבט מען
מעהר פיעל מען פערדינט,
א שטרוי-הוט און א סוויטע,
טראָג איך אָפּ א שמיטה,
און מיט די זעלבע שיטה,
פיהרט זיך מיין געזינט.
דער סערפּ איז מיין קאַסירער,
דער האַן — מיין רעפּוטירער,
די זון איז מיין צייט-פיהרער,
מיין פעכער איז דער ווינט.

4

דער קרעמער,
מוז באָרגען יעדען נעהמער,
און מוז נאָך קאָנקורירען,
און לייזט אויף פינף פּראָצענט.
פון וועקסלאך, טערמינען,
דאָרט דער מאַרך, דער זינען,
אין קראַם קען ער געפינען,
„נשאר" פול די ווענט;
איך דאַרף ניט קאָנקורירען,
קיין וועקסלען רעגולירען,
קיין בוך פון חובות פיהרען, —
מיין באַנק איז די הענט!

5

דער שיינקער,
מוז דולדען יעדען שווינקער,
פאַר יעדען ווערד און שיכור,
פאַלט די דמים איין:
פון אַקציז — די אגענטען,
די טייערע פּאַטענטען,
אַז א סענט א צעהנטען,
קומט אין טאַש אריין;
איך בין פון אַלץ א פרייער,
א בילעט קאָסט מיר קיין דרייער,
דער סנאַפּ וואָס קומט אין שייער,
בלייבט אין גאַנצען מיין.

6

מיין דאַמע,
ברויכט ניט קיינע אמע,
קיין הויז-מיידעל, קיין באָנע,
קיין פּרעסער אויפ'ן קאָרק!
זי דאַרף קיין הוט, קיין פעדער,
שפּאַצירט ניט אין די סעדער,
פאָהרט ניט אין די בעדער, —
ליבערשט פרייטאָג צום מאַרק;
קיין פּוץ קיין פּאַרמאַסקירטען,
אליין אי אָם, אי ווירטהין,
און איז געזונט און שטאַרק!

7

מיט יאָהרען,
מיר ווערט א קינד געבאָרען,
ווערט גרעסער מיין הכנסה,
איך קויף צו — ערד א שטיק! —
אין שטאָט א קינד וואָס מעהרער,
ווערט דעם פאָטער שווערער,
ער מוז זיין א דערנעהרער, —
אויפ'ן האַלז א שטריק;
ביי מיר עס וואַקסען קינדער,
ווערט מיין ארבייט גרינגער,
און יעדערער בעזונדער
איז פאַר מיר א גליק!

8

מיין מיידעל,
נעה איך א פּראָסט קליידעל,
און טהו מיט איהר א שידוך,
אָהן ציערונג, אָהן נדן! —
זעהט אין שטאָט די כלה'ס,
שטעלען פּראָסט בדלות,
ראַמט פון שטוב אוים אלעס
וואָס נאָר איז פאַראַן! —
מיר איז לייכט צו קריגען,
א חתן גראַד א היגען,
און גיב נדן צוויי ציגען,
און לעבט גליקליך פאַר דעם מאַן!

9

בענשען,
זאָל נאָר גאָט די מענשען,
וועלכע שטיצען ציון,
צוריק דאָס לאַנד בעניים!
בענש נאָר גאָט די ריצער,
די קאָלאָניען באַשיצער,
די ארבייטער שטיצער, —
די זרובבלס פון דער צייט!
ווען פון די קאָלאָניען,
וועט ווערען מיליאָנען,
ווען ציון ערשט דערמאָנען,
אָט דיעזע גרויסע לייט!

# המחרשה

אשר יושר בפי אכרי ארץ הקדושה

1

המחרשה
היא אבן הראשה
לחיי שלות השקט
בלי מחסור לגו;

בקר כי אשכימה
נפשי לא תהימה
ממחסור, מלוה, כלמה
ודאגה בלב,

בגרני כבר הוכנה
תבואה לכל השנה
אזרע אקצור ברננה
חפשי ושלו.

2

אשאלה:
מי מרמי המעלה
יחיה חיי שלוה
כמוני היום?

אם תמטר אדמתי
אָז נמלאה ברכתי
אשביר את תבואתי
ולתבל פדיום,

ורבים ביד עמלה
בלחם אנהלה
כספי נקי מגזלה
ואתהלכה בתום.

3

זרות
לי כל מותרות
אשר ההוצאה
מרבה על השבח;

מגבעתי ושמלתי
די לי לשמטתי
ורחוקה גם רעיתי
ממנהגי כרך,

המגל הוא משבירי
התרנגול מעירי
השמש שעון־קירי
ומנשבי — רוח צח.

4

הסוחר
בהקפה מוכר
והתחרות׳ תצקנו
למכור עוד בזול,

משלומי שטרות
ישבע רבות צרות
וחנותו — מלאה קברות
מכל פגר נבול,

לא אדע כל התחרות
יום שלום יום עברות
ידי שני אוצרות
המספיקים לי כל.

5

אי צולח
בעל המרזח
כל שכור ריק ופוחז
ישנה פניו ככרום,

המסים הקשים
לימים לחדשים
ומלשינות ולחשים
עדי לא יוכל קום;

סחורתי היא טהורה
לא אוביל שי למורא
לי אשר אקצורה
לא אשחד מאום.

6

רעיתי
איננה כשרתי
המרבה בשפחות
ומבלה חנם הון,

היא תבוז מעדנים
ולשוח בגנים;
ולשוקי זמנים
תסע באי־קלון,

אופה ומבשלת
מנקה ומגדלת
ועדר מנהלת
וחסונה כאלון.

7

כי יולד
בן לי עלי חלד
יגדל אשרי כפלים
כי נולד עוזר לי,

לבן כרך כי נספתה
נפש אשר עשה
תהי לו למעמסה
ולאסון פלילי;

כל ילד מילדי
עובד מעבדי
יגדיל מעשי ידי
וירחיב את גבולי.

8

לבתי
די לה שלמה בתתי
ובלי מהר ומתן
דוד בכפר אמצא,

בן כרך כי ישיא בתו
מעט לה הנדן בתתו
כי תקח כל אשר אתו
וכעלוקה תמצה.

נקל לאיש כמוני
לבחור חתן ממעוני
ולמתן עז מצאני
ובו אשרה תמצא.

9

אלהינו
יברך נדיבינו
המניחים אבן פנה
לתחית ישראל,

כל בונה חרבותינו
כל תומך אכרינו
כל לציון אמנו
מושיע וגואל,

וכי אלה הכפרים
יהיו לערים
אָז על נסה תרים
זרבבלי האל.

ת ם.

## דאָס אונשטערבליכע פאָלק

1

צום וואונדער שטעהען אין מצרים די פּיראַמידען,
אייביגע מאָנומענטען אויסגעשטעלט ;
אָבער משה האָט דאַן פאָרמירט א פאָלק אידען,
א לעבעדיגע פּיראַמידע אויף דער וועלט,
נאַציאָנען בליהען פאר זיינע אויגען,
שטייגען הויך אין דעם גרעסטען פלאָר ;
און ווי פוך, ווי רויך ווערען זיי צופלויגען,
און ער שטעהט פעסט פיערטהאלבען טויזענד יאָהר !
ווי זיין סוכה'לע אויף איהר שוואכע שטעלע,
וואָס שטעהט זיך צו א ווענטעל צוגעקלעפּט,
און זי לאַכט אויס די גרעסטע ציטאַדעלע,
דען זי האָט אייביג זיי איבערגעלעבט.
ענדליך וועט די בוימעל ארויפשווימען פון אויבען,
צולעצט בלייבט גילטיג זיין וואָרט, און זיין שטים,
דען ער בלייבט אייביג, פונקט ווי זיין גלויבען,
ווי זיין גאָט, וואס ער גלויבט אין איהם.

2

יעדעס פאָלק האָט זיך איהרע דריי פּעריאָדען,
איהר יוגענד, איהר מיטעל און איהר עלטער צייט ;
דאַן ווערען פערמאכט אויף אייביג איהרע לאָדען,
און זי פערגעהט שוין אין איהר עוויגקייט.
די דריי פּעריאָדען געהט אויך דער איד אריבער,
פונקט ווי א מענש, פונקט ווי א נאַציאָן ;
נאָר צו זיין עלטער טרייסעלט איהם דורך א פיבער
און דאַן קומט איהם זיין יוגענד ווידער אָן.
ווי דער קערענדעל, וואס ווערט אין דער ערד בעהאלטען,
אזוי צופוילט דער איד אויך אויף דער וועלט ;
נאָר פלוצלונג שפּראָצט א יונגער דור פון אלטען, —
קנאָספּען בליהען, ווי עס לאָזט נאָר אָפּ די קעלט.
זיין לעבען איז געוועקסעלט, מיט דערניעדער און
דערהויבען, —
נאָכ'ן ווינטער קומט שטענדיג זיין פריהלינג צו איהם,
בכן בלייבט ער אייביג, פונקט ווי זיין גלויבען
ווי זיין גאָט, וואָס ער גלויבט אין איהם.

3

ער איז געבויט ער זאל אייביג קענען עקזיסטירען ;
ער זאָל ניט אונטערגעהן ווי די פעלקער אלערליי ;
נאָר עס קען דאָך טרעפען אז ער וועט זיך אסימילירען
דאַן מוז ער שטארבען גלייך מיט זיי.
דרום האָט מען א שנאה אריין געגעבען,
וואָס דאָס איז פאר זיין אייביגקייט א גליק ;
אַז, ווי ער וויל מיט זיי צוזאמען לעבען,
שטויסט מען איהם מיט שנאה אָפּ צוריק.
ווי ער וויל מיט די שכנים זיך פערגלייכען,
עסט און טרינקט צוזאמען ביי איין טיש,
נעהמען באלד די שכנים איהם אויסווייכען
ווי ר' עקיבא'ס משל פון פוקס מיט די פיש.
זיין היסטאָריע איז וואונדערבאר, איהר פיהרט
א האנד פון אויבען,
קיין פרעמדע בלוט זאָל זיך ניט צומישען אין איהם,
בכן בלייבט ער אייביג, פונקט ווי זיין גלויבען
ווי זיין גאָט, וואָס ער גלויבט אין איהם.

4

אָבער ווען די שכנים טראָגען אויף איהם א שנאה,
טאָ ווי וועט ער קענען צווישען זיי באשטעהן ;
מען וועט דאָך איהם מיט געזעץ' פארצאמען זיין חיונה,
דאַן קען ער פון הונגער גיך אויסגעהן.
דרום האָט מען אין איהם אריין געגעבען
א קראַפט, וואו ער שפּייזע־שטאָף געפינט.
אז מען פארצאמט איהם אלע מיטעלס לעבען,
זוכט ער זיך זיין שפּייז־מיטעל פון ווינט.
מען זאָל איהם קיין שטעלע און קיין ערד ניט געבען,
דאָך זוכט ער זיך א פרנסה אויס.
און צאָהלט אין שול, און פאר זיין זוהן א רבי'ן,
און זיין טאָכטער געהט נאָך שבת שעהן ארויס.
אַן אנדער פאָלק וואלט פון הונגער איסגעהן אָדער
אין וועלדער רויבען, —
און ער שפּייזט זיך דורך ווען דער מויל־שלאָס הייגנט
אויף איהם.
בכן בלייבט ער אייביג פונקט ווי זיין גלויבען,
ווי זיין גאָט וואס ער גלויבט אין איהם !

5

אָבער ווען די פעלקער טראָגען אויף איהם א שנאה
און ער איז מוטהלאָז, גאָר אָהן קראַפט און מאַכט,
דאַן קען דאָך טרעפען אמאָל אין א מדינה
א בעפאַל און פארניכטען איהם אין איין נאכט.
דרום אויף זיין געשיכטע ליגט די פליכטען,
אַז דער איד מוז זיין צואוואָרפען איבעראל,
אז אויב עס טרעפט מען וויל א פּרט פערניכטען,
בלייבט דאָך אויף דער גאנצער וועלט דער כלל.
פיעל מאָל האָט מען א גליעד איהם אָפּגעשניטען,
דאָך האָט פון זיין צאָהל ניעמאלס געפעהלט ;
א קליין ווילע האָט ער שמערצען געליטען,
זיין עקזיסטענץ מוז בלייבען אויף דער וועלט.
אַ הייליגע שפּראך איז איהם געגעבען פון אויבען,
פאר די צוואוואָרפענע גליעדער איין שפּראַך
און איין שטים,
בכן בלייבט ער אייביג, פונקט ווי זיין גלויבען,
ווי זיין גאָט, וואָס ער גלויבט אין איהם !

6

ווייל ער מוז וואוינען אין אלערליי אקלימען,
מוז שטענדיג זוכען פאר זיך אַן אנדער אָרט,
האָט מען איהם געבויט אז ער זאל קענען שטימען
מיט יעדער לופט וואו ער בעזעצט זיך דאָרט. —
יעדעס פאָלק וואו עס ווערט געבאָרען,
דאָרט מוז עס זיין אייביגע יאָהר ;
בייט זי ערטער ווערט זי גיך פארלאָרען,
אַז פיעל דערציהט זי ביז צום פערטען דור.
דאָס האָבען שוין בעשלאָסען פּראָפעסאָרען,
אַז דערמיט איז דער איד איינער אויף דער וועלט,
אַז וואו ער קומט איז ער דאָרט ווי געבאָרען,
אין די גרעסטע היץ, צו אין די גרעסטע קעלט.
די זעלטענע מתנה איז איהם געגעבען פון אויבען
ער זאָל קענען שטימען מיט יעדען אַקלים,
בכן בלייבט ער אייביג, פונקט ווי זיין גלויבען
ווי זיין גאָט וואס ער גלויבט אין איהם.

# דאָס אונשטערבליכע פאָלק

צווייטער טהייל.

1

טאָ וואָס זעה אי דדיר, מיין פאָלק אידען,
דו ביזט אראָפּ פון מוטה,
קענסט זיך ניט ענטשיידען,
וואָס מיט דיר זיך איצטער טהוט.
דו זעהסט :
מען פרעסט,
מען פיהרט מיט דיר צו שטרענג ;
מען דריקט,
מען שטיקט,
מען שפּאַרט דיר אָן צו ענג.
האָסט געהאָפט : די ציוויליזאַציע
וועט שטילען דיין געשריי,
דערקענען וועט יעדע נאַציע
אַז דו ביסט גלייך מיט זיי ;
דער פערשטאַנד
אין לאַנד
וועט שטייגען זעהר הויך, —
און — „גלייך
מיט אייך,
האָב איך מיין רעכטע אויך.“
לסוף, — ווען אייראָפּא איז געבילדעט,
עס קלינגט די וועלט מיט איהר,
ווערט זי פּלוצלונג אזוי פערווילדעט,
און שטעהט אויף געגען דיר.

2

דו האָסט אַן אלטע עצה,
אין לייד וואָס דו זאָלסט טהאָן,
בויגסט נאָר איין די פלייצע,
ווען כוואַליעס קומען אָן.
די וועל
וועט שנעל
אויף דיר אריבער געהן ;
בויג אויף
דיין גוף
בלייבסטו ווידער שטעהן.
דאָס איז דיין רפואה
וואָס דאָקטאָר-תלמוד הייסט :
אין צרות א ישועה,
אין פינסטערנים א טרייסט.
אָבער דערצו
מוזטו
גלויביג זיין ביז גאָר,
און א בליק
צוריק
דיין געשיכטע וויסען קלאָר.
אָבער צייט דו לאָזט דיין גלויבען,
דיין היסטאָריע ווייסטו ניט,
ווערט דיר דונקעל אין די שויבען
און דאָס הארץ פערוויסט.

3

דער ערשטער פון דיין אומה
האָט געוואָנט פון שטאָט צו שטאָט,
געלערענט מענשען קרומע
צו גלויבען אין איין גאָט.
דער אסענס
פון מענש
האָט ער דיר דאן געשטעלט ;
און געשעצט,
צו לעצט
בלייבסטו אויף דער וועלט.
דו ביזט זייער זיידע
זיי וואקסען אין דיין שוים,
די צוויי רעליגיעס,ביידע
שטאַמען פון דיר ארוים.
מיט דער צייט
וועלען לייט
בערעכענען ביי זיך :
ווי שלעכט,
אומרעכט
מען האָט בעהאַנדעלט דיך ;
ווי דו ביסט געוועזען א קרבן
פאר זייער שווערמעריי,
און וואָס דו ביסט עטוואָס פערדאָרבען
ליגט די שולד אין זיי.

4

ווען כשדים און מצרים
פערמאכטען דיר דיין ווערטה,
ווען בבל און פרסים
שטירצען דיר צו דר'ערד ;
ווען רוים
האָט שוין
דיין טעמפּעל אויף פערברענט ;
דיין גייסט,
דיין דרייסט
האָט מען דריקען ניט געקענט.
עס קומען חשמונאים
פערפעסטען דיין נאַציאָן,
עס שטעהען אויף תנאים
פערשטייפט דיין רעליגיאָן.
קיין קויל,
פיסטויל, —
פערשוואכט ניט דיין געפיהל.
דו לעבסט
און שטרעבסט
צו דיין גרויסען ציעל.
מעגסט מיט פרייד די קניפּלעך צעהלען
פון דיין לעבענס שטריק,
אַז די וואָס שיסען אין דיר קוילען,
שפּרינגט זיי אָפּ צוריק.

5

ווי די אידענע נעהמט פּאַלייען
די שבת-גאָגעלאָך,
עס פליהט ארוים די קלייען
די קערנער בלייבען דאָך.
עס דרעהט,
עס וועהט,
עס פאַלט ארויף, אראָפּ.
דעם שערסט
פון גערשט
אָן דער זייט פאַלט עס אָפּ.
אַז דער איד נעהמט זיך די מאָדע
די שכנים נאָך צוגעהן,
קומט באַלד א פעריאָדע
וואָס טרייסעלט און מאכט ריין.
די ברוד
פון יוד

פון מולטער וואַרפט אַרויס ;
דער גריץ,
דער ניץ
פאַלט צוריק אין שוים.
שוועָר מיין פאָלק איז דיר די ווײַלע,
לײַדסט און ווערסט פערשלאַפט,
דערפאַר די זריעה ווערט ניט קאַליע
בלײַבסט רק דוּיערהאַפט.

6

און דאָס וואָס ווערט פערשפּרונגען
פון מולטערל אויף דר'ערד,
איז דערפון געדרונגען
אַז דאָס האָט שוין קיין ווערטה.
וועָר פײַן,
מעג זײַן
אין גרעסטען אומגליק,
עס ברומט
און קומט
אין מולטערל צוריק.
אַז ס'טרעפט איינס פון מיליאָנען
אַ קערענדעל פאַלט אַראָפּ,
מעגט איהר זיכער בעקאָנען,
אַז ווײַט פליהט ער ניט אָפּ.
פון נויט,
פאַר ברויט
האָט ער דאָס געטהאָן,
טהוט גוטס,
ברײַנגט נוץ
זײַן אַלטע נאַציאָן.
איהר זאָלט זײַן נאָמען ניט בערויבען,
ע'ר איז פון אונז אַ גליד.
ער קען זײַן אין אַן אַנדער גלויבען,
דאָך בלײַבט ער אַ א י ד !

7

טאָ זײַ־זשע מיין פאָלק מונטער,
לאָז ניט אָפּ די וואָג,
די נאַכט געהט באַלד אַרונטער,
עס קומט דיר אָן דײַן טאָג.
עס בײַט
די צײַט
זי שטעהט ניט אויף איין שטעל ;
נאָך לייד
קומט פרייד
און שײַנט דיר ווידער העל.
אין דײַן גליק, דער גרעסטער,
האָט אַ המן ניט געפעהלט,
און באַלד שײַנט אויף אַ אסתר
וואָס מאַכט דיר פרײַ דײַן וועלט.
זײַן סוף,
זײַן שטראָף
בעקומט דיעזער אויך.
און דו
האָסט רוה
און שטײַגסט ווי מרדכי הויך.
ווען פון המן'ס פאַלען בלעטער,
עס וואַרפט זיי הער און הין,
פירכטעסט דו ניט פאַר שלעכט־וועטער
דו בלײַבסט אייביג גרין !

1885

## דער נײַנצעהנטער יאָהרהונדערט

1

פון אָזיע אין איירָאָפּאַ בין איך אין אכסניא פאַרקראָכען,
האָב זיך אויסגעמאָשטשעט שלאָפען, אין אַ שמאָלען קאָרידאָר ;
צו קאָפּען אמונה, אונטער'ן זײַט בטחון,
און האָב אָפּגעדרעמעלט זיבעצעהן הונדערט יאָהר. —
האַרט און קאַלט, צוניופגעקאָרטשעט אין איינעם,
נאָר דער שלאָף מאַכט פערגעסען גליק און אָסטראָג,
איך האָב אין שלאָף ניט געשפּירט מיין שטאַנד דעם געמיינעם,
פּלוצלונג מען שרײַט : „שטעה אויף ! עס איז שוין טאָג !“
פרײַנד פון אַלע עקען
האָבען מיר גענומען וועקען,
מאספים און החלוץ
און בכורי עתים,
מענדעלזאָהנ'ס קאָמפּאַניע מיט ;
דער „תעודה“ מיט אַ האַמער
שטעהט און קלאַפּט אין קאַמער,
יש"ר, רעגינאַ, ערטער,
לעטערים, לוצאַטאָ,
זינגען מיר אַ מאָרגענס ליעד.
זיי פּלעגען דאַמאָלס זאָגען :
— „עס הויבט שוין אָן צו טאָגען,
אַלע אורחים
זײַנען אויפגעשטאַנען,
זיי וואַרטען נאָר אויף דיר מיט טהעע“.
— „זעה, ווי אַלע נאַציאָנען
ווילען דיר פרײַנדליך קאָנען,
זיי נאָר ניט פערווילדעט,
גלײַך מיט זיי געבילדעט,
האָסטו רעכטע גלײַך מיט זיי“.
— „זאָל שוין דײַן שלאָף
נעמען אַ סוף,
גיב נאָר אַ קוק צום הימעל אַרויף !
וואָס ליעגסטו אין שמוץ,
נעהם זיך צו נוץ,
עס איז גרויסער טאָג, ישראל שטעה אויף !“

2

איך האָב אויסגעריבען די אויגען, בעטראַכט גלײַך דעם הימעל,
עס האָט מיר געדוכט, אַז מען זעהט שוין אַ שײַן,
פון טעלעגראַפען, פון באַהנען איז אין איירָאָפּאַ אַ טומעל,
די גאַנצע פּאָליטיק שײַנט פיינער צו זײַן. —
רוים די פאַנאַטישקע, מיט איהר דעה די ברייטע,
האָט איהר איירָאָפּאַ געלעגט ביי איטאַליען אין זאַלאָג,
נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, האָט שוין לאַנג געמאַכט פּליטה,
איבעראַל הומאַניזם, — עס איז שוין באַלד טאָג.
באַלד זיך אײַנגעוואַשען
מיט זייף פון בילדונגס־קלאַסען,
מיט צוויי ראַבינער שולען —
און מיט גימנאַזיום
בילדונג, עקסטראַ פּאָרווערטס געהט. —
די זשופּיצע מיט די האָקען,
די דעליע מיט די שטראָקען ;
אַראָפּ די אַלטע שמאַטעס,
איך בין אוים פאַנאַטיש ;

אייראָפּעאיש אויסגעקליידט. —
איך האָב שוין אויך יוריסטען,
דאָקטוירים און ארטיסטען,
כודאָזשניקעס די גרעסטע,
רעכענער די בעסטע
און מאגיסטערם אָהן א סוף. —
דער „לאָמפּ“ וואָס ברענט אין ווינקעל,
פעררדרעהט, געמאכט איהם טונקעל ;
וואָס נוצט דער לאָמפּ פון גלויבען,
בשעת די זון שיינט אויבען ?
ווי קומט עס צו א פילאָזאָף ?
דעם תלמוד פערהאסט,
די פרייהייט פער׳קנס׳ט,
פאר פרייהייט געגעבען דעם גייסט מיט דעם גוף.
און צייטונגען פול,
מאכען מיר דול :
„עס איז גרויסער טאָג, ישראל שטעה אויף !“

3

ווארטענדיג אויפ׳ן פריהמאָרגען, געהט אָפּ א האלבער יאהרהונדערט,
איך וואנדעל אין דער פינסטער, געקוועלט און געפּלאָגט !
אויף מיינע פריינד די וועקער, ווער איך שטארק פערוואונדערט,
וואו איז דאָס דער טאָג, וואס זיי האָבען געזאָגט ? —
שווארצע וואָלקענס, געדיכטע שטיקער אלע,
אין שוידערהאפטע פאָרמעס, איך געה שיער אראָפּ פון זין !...
די שוועבט מיט עלילת-דם, די מיט א „קעניגע-קאָהאַלע“,
און דאָ ציהען זיך שטיקער צו רומעניען אהין ! —
פון גרויסע שרעק און קומער
געה איך צוריק אין צימער,
איך הער קיין שאָשק, קיין מינדסטער, —
נאָר דורך חושך, פינסטער...
פאַלען פאַל איך וואו איך טרעט !
איך בלאָנדזשע צו די געסטע,
איך הער נאָר כראָפּען פעסטע,
איך פּרואוו דעם דיענער (ביסמארק) וועקען,
קריג איך מיט א שטעקען,
ער האָט מיר גלייך דעם קאָפּ געפּלעטט.
עס האָט מיך באלד פעררדראָסען,
וואָס איך האָב דעם לאָמפּ פערלאָשען,
וואָלט דער לאָמפּ נאָך ברענען,
וואָלט איך לעזען קענען,
וואָלט דערוויל פערגעסען נויט. —
אמונה האָב איך פערטריבען,
אין פינסטערנים געבליבען ;
ווען זי לייכט אין הערצען,
ווערט לייכט אלע שמערצען,
פעהלט זי — איז ערגער ווי דער טויט !
אומזיסט וואָס איך האָף
אויף דעם זיסען שלאָף,
קיין מינוט קען איך האלטען די אויגען פערמאכט. —
איך טרעף שוין ניט גאָר
צו מיין קארידאָר,
אָך, ווי איבעל, ווי סקוטשנע, ווי לאנג איז די נאכט !

4

דער זעלביגער דיענער, וואָס איך האָב פון איהם דעם קלאָפּ געקראָגען,
האָט אויפגערייצט אויף מיר אין אכסניא אלע געסט,
פאר דעם ווירטה זעלבסט רכילות האָט ער אויך אָנגעטראָגען,
אַז איך בעאונרוהיג די אורחים, פארנעהם נאָך זייער קעסט.
מען האָט מיר שוין באלד געזאָגט גאנץ אָפען,
אַז איך בין אין אכסניא אלעמען צו לאסט, —
איך בין א נאכט-וואנדלער, זיי ווילען שלאָפען,
בכן איז ישראל אן איבערגיער גאסט.
פלוצלונג פון די זאַאַלען
איז מען מיר בעפאַלען,
געוואָרגען און געביסען,
אלעס אויף מיר צוריסען,
מיין געלט פון טאש נאָך אויך בערויבט.
עס ווערט נאָך אלץ ניט שטילער
די מויל פון מיינע בילער,
געמאכט מיר פאר א זינדער,
איך קוילע פרעמדע קינדער,
און אלע ליגענס ווערט געגלויבט.
איך וויים ניט קיין פריטשינע,
פון וואנען שטאמט די שנאה ?
פאר קעסט און פאר נאכטלעגער
צאָהל איך, ווי מיינע שלעגער,
ווארום ווער איך מיינע רעכטע אָן ?
ביטער איז דעם שוואכען
עלענד אין אלע פאכען,
ניטאָ ווער עס זאָל שרייען :
„אָה, דו מערדער קיין
וואָס האָט הבל דיר געטהאָן ?“
מען וואָלט נאָר געקענט,
וואָלט מען מיך געברענט,
דערפאר וואָס איך האָב מיך פון שלאָף אויפגעוואכט. —
און דאָ פון מינוט
ווערט ערגער, ניט גוט,
גוואלד, ווי גרויזאם, ווי לאנג איז די נאכט !

5

יעצט זעה איך ריכטיג, שיער א פאלשע נבואה,
עס האָט בעגייסטערט מיינע וועקער צו וועקען מיר אין מיטען נאכט,
אויף איינצושלאָפען ווידער איז שוין ניטאָ קיין רפואה,
אָך, ווי פערצווייפעלט, ווי אומגליקליך זיי האָבען מיר געמאכט !
איך האָב קיין צייטונג געלעזען, קיין בוך ניט פערשטאַנען,
האָט ווער פון מיר געלאכט, האָב איך אויך ניט געוואוסט.
אין צעהן גילדען א וואָך איז מיין הוצאה בעשטאַנען,
אויף צו פערלעבען טויזענדער, האָט זיך מיר ניעמאלס געלוסט ;
צייט איך נעהם מיך בילדען
פליהט ווי פוך מיין גילדען,
מען מוז שוין ברייטער לעבען,
אין גימנאזיום קינדער געבען,
שפאָרען קען איך ניט פון זיי. —
געוואוינט צום לוקסוס שטענדיג,
ווערט עס אלץ נויטווענדיג,
די קוואלען ווערען חסר,
זוך איך וואס ניט כשר,
ווערט נאָך גרעסער דער געשריי.
ווי ביטער איז מיין לאגע,
צייט די יודען פראגע ;

מען פלעגט פון מיר ווען לאכען,
אין צייטונג חוזק מאכען,
וואָס קימערט מיר — מען זאָגט „דוראק“ ?
צייט איך בין אויפגעשטאַנען,
און האָב א בוך פערשטאַנען,
שרייט מען שטארק פון שנאה :
איך שאד צו דער מדינה,
און שפיר שוין גאַנץ אָפט א קולאַק.
איך האָב שוין קיין מאכט,
פון דער שרעקליכער נאַכט,
עס קעהרט מיר מיין מח, פון אומגליק, פון פלאָג,
פינסטער און שטום,
און שונאים ארום,
גוואלד, ווי דערלעב איך עס זאל שוין זיין טאָג.

1885

---

## דער נײַנצעהנטער יאהרהונדערט

### צווייטער טהייל

### דער ענטפער

1

איך האָב געהערט דיין ליעד, איך האָב געהערט דיין קלאגע,
אויף דיינע וועקער דיר איצטער פערדריסט,
עס איז ווירקליך אונאנגענעם דיין איצטיגע לאגע,
אָבער פערצווייפלען, דארפסטו קיינמאָל נישט.
בלעטער דורך דיינע אַלטע יאָהרען,
וואָס מען האָט איבער דיר צוטהאָן,
פיעל מאָל ביזטו געוועזן פערשפילט, פערלאָרען,
און צום סוף נעמסטו פאָרט דעם קאָן. —
דאָך ביזטו אויך עטוואס שולדיג,
פאַר דיין לויפיגקייט,
דו ביזט אייביג אומגעדולדיג,
כאַפּסט רק פאַר דער צייט.
האָסט דערזעהען א בלאַסק אין הימעל,
טאָגט שוין מן הסתם,
היילסט און וועקסט נאָך לייט פון דרעמעל,
און פערלעשט דעם פלאַם. —
ווער האָט דען דעם גלויבען געמאָסטען,
צו וויסען פונקט די וואָג ?
און פיעל וואָלט דיר דען טייער קאָסטען,
אַז ס'וואָלט ברענגען ביי טאָג ? ! —

2

און דאָס וואָס דו בייגקסט און דערמאָנסט די אַלטע צייטען,
אז דו פלעגסט דעמאָלס ניט שפירען דעם שטאָך פון נאָל,
ווייס איך געוויס, אז דו וואָלסט זיך יעצט ניט בייטען,
צו זיין אונוויסענד, און ניט שפירען ווי אַמאָל..
שטרעב נאָך בילדונג, ווי ווייט דו קענסט בעגרייפען,
כאָטש דיינע שנאים, שטעהען דיר אין וועג.
דען נאָר מיט בילדונג קענסטו דיין צוקונפט שטייפען,
נאָר דורך בילדונג קומסטו צו א ברעג.
דאָך קינדער מיט פראָסטע מוחות,
שטופּט ניט אויבען אָן,
עס געהט לאיבוד געלט און כוחות —
בעסער א פּראָפעסיאָן.
און די וואָס האָבען שוין פעהיגקייטען,
און שטייגען אין פּראָגרעס,
פון קרומע וועגען, פון נארישקייטען —
היט זיי, האלט אין פּרעס ;
לעהרען זיי רעליגיאָן און טוגענד,
וואָס זיטליך וואָס עס טויג,
דאן וועט מען פון אויבען קוקען אויף דיין יוגענד,
גאָר מיט אַן אַנדער אויג.

3

איך ווייס גאַנץ גוט, אז קעגען די אנטיסעמיטען,
וועסטו ניט זיין יוצא, אויף קיין אָרט און פלאַן ;
פיעל זאָלסטו זיך פון פערדאָרבענהייט פערהיטען,
בלייבסטו ביי זיי רק ניט קיין פיינער מאָן.
נעהם ניט אין אכט די רייד פון זייער באנדע,
די היסטאָריע וועט אלין ווייזען צולעצט. —
זייער נאָמען פערבלייבט אימער צו שאנדע,
דיין זין, דיין ציעל, פערבלייבט אייביג געשעצט.
נאָר פיליכט האָסטו עטוואס פעהלער,
שאַף אָפּ, עס איז ניט שעהן !
מאכסטו הלוואות טאָ מאַך ראַיעלער,
זיי יוצא פאר זיך אַליין.
שאַף דעם לוקסוס אָפּ אינגאַנצען,
דאָס שטעכט לייטען די אויגען אויס,
צאָהלסט צו טייער פאר דיין גלאַנצען,
דאָס צאַפּט דיר די מאַרך אַרויס.
און ווען דו וועסט זיין געליבט ביים טאַטען,
לאַכסטו אויס די פיינד,
אָט דאָס גיט דיר די וואָהרע ראטהען,
אַן אַלטער גוטער פריינד. —

---

## מיינע געפיהלען

1

אַ טענה האָב איך גאָט צו דיר :
דאָס הארץ וואָס דו בעשאפסט אין מיר,
איז זי פערקניפּט,
אין דיין פאָלק פערליעבט,
וואָס דו ציהסט פון מצרים ארויס,
איך זאָל עטוואָס שפּירען,
מען וויל זי בעריהרען,
גיסט זי זיך ווי וואַסער אויס.

2

מיין הארץ עלעקטריש' קראַפט האָט
מיינע נערוועז — א טעלעגראַפנער דראָט,
איין ברעג איז אָנגעטהאָן
אויף מיין נאַציאָן,
דער צווייטער ברעג קומט מיר צום לונג ;
זיי זאָל וואָס געשעהען,
איך זאָל עס הערען, צו זעהען,
פליהט מיר אין הארצען דער פונק.

3

קוועק-זילבער איז מיין נאַטור,
און אידען מיין טעמפּעראַטור:
ווען זיי לייכט די צייט
די זון פון פרייהייט,
הויבט מיך אין דער הויך מיין קאָפּ.
ווען שנאה און קעלט
פערפריהרט זייער וועלט,
פאַל איך אראָפּ און אראָפּ!

4

ווארום גאָט בין איך אזוי געקוועלט,
ערגער פון דער גאַנצער וועלט!
מען זעהט דאָס פאָלק פאַלט
און מען בלייבט זיך גאַנץ קאַלט,
קיינעם גיט דאָס ניט אַ ריהר!
איך זאָל נאָר וואָס לעזען,
וואָס דאָרט איז געוועזען,
פערגליווערט דאָס בלוט גלייך אין מיר!

5

אין אַ שטאָדט אז עס טרעפט אַ בעפאַל,
אַ גזירה עס קומט אויפ׳ן כלל,
אַ גאַזעט, אַ יודעפּאַב
טרעט זיי אַן גראַב,
צעשפּרינגט מיר אויף שטיקער מיין האַרץ!
איך קען שוין ניט האָפען,
אויף עסען, אויף שלאָפען
ניט איבערצוטראָגען דעם שמאַרץ!

6

מיר בעשולדיגט אַ אידען אין סוד —
ברענט מיר דער ספק ווי גלוטה:
איז ער נעבאַך ריין,
נאָר עס העלפט ניט זיין ניין,
פּלאַצט מיר בודאי מיין גאַל;
איז ער אַ בעל עבירה,
האָב איך דערפאַר מורא
פאר דעם חילול השם אויפ׳ן כלל!

7

אַ איד זאָל וואָס ניט פיינעס טהאָן,
פאַלט מען באלד אויפ׳ן כלל אָן,
עס ווערט אַ געשריי,
זשיד און יעווריי,
כאָטש ער בייט שוין לאנג זיין גלויבען אויס;
פון די בעריהמטע פּערזאָנען
ווערט מען קיינמאָל דערמאָנען,
אז ער שטאַמט פון אידען ארויס.

8

זעה איך אַ פּערדאָרבענהייט עטוואס,
אַ איד גיט דאָרט אַ פאַלשע מאָס,
קיין סאַוועסט האָט ער גאָר ניט,
און טהוט וואָס מען טאָר ניט,
ווערנט מיר מיין האַרץ אין דער שטיל!
איך ווייס, אַז דער דלות
ער מאַכט עס אַלעס,
דער גלות פערדאָרבט זיי זאָ פיעל!

9

ווען איך געה פארביי אַ שול
און זעה דאָרט שמוציגקייט פול,
גיט מיר אַ נעהם
דער חילול השם,
מיין בלוט שפּריצט פון הארצען ארויס;
מיר טראָגען דעם גלויבען
דעם ריינעם פון אויבען
און ווי שמוציג דאָס זעהט ביי אונז אויס!...

10

ווען איך זעה אַן אַריסטאָקראַט
פיהרט דאָרט אַ גאַנץ רייכען שטאַט,
בלייב איך אין אונמאַכט,
ווען איך בעטראַכט:
וואָס האָט דאָס פאָלק פון איהם פּראָפיט?
אַקטריסעס מיט באַננעס,
די טהייערע מתנות,
און אויפ׳ן כלל איין פעניג ניט!

11

האָסט מיך גאָט אין אזוי אַ צייט געבראַכט,
וואָס דאָ איז טאָג, און דאָ איז נאַכט;
דאָ שטעהען נאָך קאַזאַקען
די פּאות אונז האַקען,
מען טרייבט אונז אין ראַבינער שול;
פּלוצלונג אַ ווינטער,
מען שטופּט אונז אהינטער,
אין גימנאַזיום זיינען אידען צופיל.

12

איך ווייס גאָט, אַז דו ביסט גערעכט:
ישראל איז אַוועק שלעכט,
האָסט איהם אין יעדען לאַנד
געפיהרט פאַר׳ן האַנד,
פּלוצלונג ער וויל געהן אַליין,
פאַר אַ בחור אַן אַלטען
פאַר׳ן פאַלע זיך האַלטען,
זאָגט ער, עס איז איהם ניט שעהן.

13

ווי דו זעהסט ער בראַקירט מיט דיך,
האָסטו איהם געלאָזען פון זיך;
ער איז אַוועק
ווייט, ווייט אַ שרעק,
ער זינגט שוין גאָר אַ פרייע ליעד;
נאָר אַ באַסע-קאָמאַנדע
דערמאָנען איהם מיט שאַנדע,
אַז ער איז געבאָרען אַ איד.

14

אמת, אַזוי דאַרף ניט זיין,
ער איז אומגערעכט, ער לאָזט דיר איין,
פיהר-זשע זיך מילד,
מיט זיינעם אַ שולד,
פערזינדיגט, טאַ נעהם שמיים איהם אָפּ;
אָבער ווער קען עס דולדען,
אַז פאַר די קליינע שולדען
דערלאַנגסט איהם מיט אַ דובינע אין קאָפּ?!

15

דארפסט ניט גאָט אין כעס זיין,
געה אין זיין לאַגע אריין,
ער איז געלעגען יאָהרען לאנג
אין געטאָ, אין דראַנג,
פלוצלונג, עס שטראַהלט איהם די זון,
ווער וויל ניט געניסען
דעם ווינטעל דעם זיסען...
וואָס איז די עולה דערפון?

16

טאָ גיב־זשע גאָט כאָטש איצט אָ בליק,
ווי דיין קינד קעהרט זיך צו דיר צוריק:
ער האָט אָנגעהויבען דיינקען,
אין שטארק זיך פערביינקען
נאָך דעם לאנד וואָס דו שיינקסט איהם אַמאָל,
צו פערזייען אין גאַנצען,
און בוימער פערפלאַנצען
פערגרינען איהר בארג מיט איהר טהאָל,

17

טאָ נעהם איהם ווידער פאַר'ן האַנד,
פיהר איהם צוריק צו דיין לאנד;
איך וועל פליהען ווי אָ טויב,
יעדעם גרעזעל, ווי זיס דאָס איז מיר!
מיין פאַמיליע אין גאַנצען
וועלען זייען און פלאַנצען,
און איך וועל דאָרט זינגען פאַר דיר.

18

וואו זעה איך דעם פיראַמיד
וואו ירמיה זינגט זיין קלאָגעס ליעד,
וואו זעה איך דעם שטיין,
וואו ישעיה אליין
די פערלען פון פאָעזיע בינדט.
אַ מחיה נשמות,
וואו הושע און עמוס
פרעדיגען דאָרטען דיין קינד.

19

וואו די עכאָ פון יותם'ס משל קלינגט,
וואו דבורה איהר הערליך ליעד זינגט.
וואו בנימין כאַפּט דאָרטען
זיין כלה אין גאָרטען;
וואו דוד'ל פיטערט די שאָף
און שפילט אויף זיין פידעל
און זינגט זיך זיין לידעל.
אָה גאָט! וועק מיך אויף פון מיין שלאָף!

20

אָה, פליגלען, גוואלד פליגלען גיב מיר,
לאָז מיך דאָרט שוועבען אין איהר,
אונטער איהר הימעל דעם בלאָען,
אין לבנון דעם גראָען,
ביים שילוח וואָס פליסט זיך גאַנץ שטיל;
וואו עס איז ענטדעקט גאָטעס עהרע
וואו עס קליגט די אטמאָספערע,
אָט דאָרט, נאָר דאָרט שטרעבט מיין געפיהל.

21

אין דאָס לאנד וואו זיין אויג קוקט נאָר,
פון אָנפאנג ביז ענדע יאָהר,
וואו כהנים, פראָפעטען,
לויים, פאָעטען,
זינגען א הימן צו דיר;
ציה מיך פון רומאַניע,
און מיט זיי אין קאָמפאַניע
וועל איך דיר אויך זינגען א שיר.

1886

---

## עלעגיע לעוואנדרא

(איבער דעם טויט פון ר׳ יהודה ליב לעוואנדרא)

1

ביסלעכווייז טריקענט אויס אונזערע קוואלען,
פערשוואכט ווערט פון טאָג אונזער מאכט;
אונגעריכט איז יעצט אָ שטערן געפאלען,
פון די וואָס בעלייכטען די נאכט.
כ'האָט נאָך ביי אונז ניט פערטריקענט די טרערען,
וואָס גאָרדאָן, סמאָלענסקי, אונז פעהלט;
דאָרפען מיר פלוצלונג די בשורה דערהערען
לעוואנדאָ — נישטאָ אויף דער וועלט!!
האַלט אָפּ גאָט דיין האַנט!
שטראָף ניט נאָכאַנאַנד!
אָפּרוהען לאָז אונז עטוואָס...
וואָס קען פון אונז זיין?
צו אָפט גיסטו אונז איין,
טראָפענס פון ביטערען כוס! —

2

זעהר פיעל מיה האָסטו זיך פאַר־געגעבען,
געשילדערט דיין פאָלק, און די צייט;
אין דיינע ווערק שפיגעלט זיך זייער לעבען,
די גוטע און די שלעכטע זייט.
דעם פערגעניגענס דורשט זוכסטו צו לעשען,
דיין ציעל האָט ביי דיר מעהרער ווערטה;
שטענדיג אליין אין דיין צימער געזעסען,
דיין פאָלקס־לאָגע אימער געקלערט.
קיין דענקמאָל ברויכסטו,
פון שטיין אויף דיין רוה,
קען דיר פערגעסען ווער גיך?
ווער דיך האָט געקענט,
בויט א מאָנומענט,
גאַנץ טיף אין הארצען ביי זיך.

3

גליק פאַר זיין פאָלק פלעגט ער ווינשען און האָפען,
געפיהלט שטאַרק זיין פרייד און זיין שמערץ;
אויב עס האָט אידען וואו עטוואס געטראָפען,
רעגט איהם דאָס אויף באַלד זיין הארץ.
אונגליקען וועלכע גאַנץ אָפט מיט זיי שטרייטען,
פערשוועכען איהם באַלד זיין געזונט,
סיבות וואָס קומען פאַר די לעצטע צייטען,
שטירצט איהם אין גאנצען צום גרונד. —
פיעל זין געהט צור שטראַנד!
פיעל געהט עס פערשטאַנד
מיט איהם אין קבר אַריין!
פיעל וואָלסטו געבראכט,
הילפע און מאַכט,
ווען דו וואָלסט נאָך ביי אונז זיין! —

4

לאַנג און טריי דיענט ער די מלוכה,
אַלס אידישער — געלעהרטער אין לאַנד,
און דערפאַר וועהלט איהם אויס גאָט'ס השגחה,
צום אָפּוואַשען רייז א בלוטשאַנד.
דאַן ווען אַ בילבול האָט זיך אָנגעפאַנגען,
בעשולדיגט דאָרט מענשען מיט בלוט;
דאַן איז ער מוטהיג מיט אמת געגאַנגען,
און איינגעשטילט דעם פייער גלוטה.
דו שטיצע! דו וואַנט!
דיין פעדער אין האַנט!
דו טרייער פאָלק'ס פאַטריאָט!
דו אויסנאַם, דו בחיר!
מען פערלירט אין דיר,
קאַפּיטאַן פון אונזער פלאָט! —

5

דיין שוואַך פאָלק האָט אין דיר איהר וואונש געקראָגען,
די שמוק וואָרסטו אין איהר פערמעג;
יונגערהייט האָסטו שוין א ליכט געטראָגען,
בעלייכטען פון בילדונג די וועג;
ווי דו זעהסט אז „בילדונג" פערשטעהט ניט יעדער,
מען מיינט נאָר דעם אויסערן פוץ —
ווייזטו גלייך מיט דיין סאַטירישע פעדער,
אז דאָס ברייננגט שאדען אָפט מעהר ווי נוץ...
אז ס'האָט זיך ערוועקט,
דער ציונס-פּראָיעקט,
אָפּפערסטו אויף דיינע טעג;
געשטרעבט שטאַרק צו איהר;
נאָר גאָט זאָגט צו דיר:
„שטאַרב דאָ ביים ירדן, ביים ברעג!" —

6

דאָ קלאָגט די וואַרהייט: „ווי זאָל מיר ניט קריינקען,
„דער טויט איצט פון דעם ליטעראַט?
„ריכטיג זאָ מאָלען און ערענסט זאָ דענקען!
„אויף יעדעם ווערק ליגט מיין פעטשאַט".
ציון קלאָגט: „איך מוז אין דר'ערד וועקליינגען,
„מיין קינד וועלכער ליעבט זאָ פיעל מיך!
„וויסרום—געבאָרען, אין ווילנא ערצויגען,
„און צפון פערשלינגט עם אין זיך!" —
דיין נאָמען, דיין גלאַנץ,
אָה, פלעכט דיר אַ קראַנץ,
פון בלומען דאָרט אויף דיין רוה;
פון אונז אָפט אַ טרעהר,
בעלעבט דעם קראַנץ מעהר,
אונפערוועלקט בלייבט ער ווי דו! —

1885

## דאָס ליעד פון אייזענבאהן

1

אַ גאַנצע וועלט מיט אייזענבאהנען איז אין אונזער
צייט געוואָרען,
וועלכע פיהרען פּאַסאַזשירען, אָרים און רייך,
לויפט זעהען דעם חידוש, נאָר האָט בזכרון,
אַז דאָס איז א משל פונקט קעגען אייך.
מיר זיצען דאָס אין די וואַגאָנען,
דער לאָקאָמאָטיוו איז די צייט, —
זי שלעפּט מיט זיך מענשען מיליאָנען,
און פליהט ווי די קוילען אין שטרייט.
יעטווידער רעלסע איז א סעקונדע,
יעטווידער סטאַציע — אַ יאָהר,
יעדער קאָסארקע איז גלייך ווי א שטונדע,
אַ פאיעזד איז אין גאַנצען א דור.
און דעם בילעט וואָס ער האַלט אין טאַש,
דאָס איז זיין מזל, זיין רייזע פּלאַן,
ווי ווייט צו פאָהרען און אין וואָסער קלאַס,
בעשטימט פון גאָט, פון דירעקטאָר באהן.

2

די קאָנדוקטאָרען בעקוקען די בילעטען
און צוזעצען די פּאַסאַזשירען, יעדערען אין זיין קלאַס,
וועמען אין ערשטען, מיט דיוואַנען געבעטען,
און ווענען אין דריטען, וואו ענג און וואו נאַס;
אונזערע קאָנדוקטאָרען זיינען די שלוחים,
פון דער השגחה געשיקט,
ווענען מען גיט גליק מיט רוחים,
און ווער עס זאָל זיצען געדריקט;
ווענען געזונד, עשירות און אלעס,
און קינדער ווי עפּעל אויף'ן בוים,
און ווענען עלענד און קראַנקהייט און דלות,
און פערוואָגעלט נאָך זיין פון דער היים.
אויף די קאָנדוקטאָרען זעהט ניט רעדט,
די וועלט פיהרט זיך ניט אָהן אַ פּלאַן,
מען זעצט יעדערען נאָך זיין בילעט,
ווי עס איז בעשטימט פון גאָט, — פון דירעקטאָר באהן.

3

ביי די וואָקזאַלען, ווי מען קלינגט מיט דעם גלעקעל,
די קאָנדוקטאָרען שפּרינגען אַראָפּ,
עס לויפען פּאַסאַזשירען, יעדער מיט זיין פעקעל,
פיעל קומען צו און פיעל קומען אָפּ.
אונזערע סטאַציעס זיינען די יאָהרען,
ראש השנה צייכענט מען אָן,
ווענעם בילעט איז ווייטער צו פאָהרען,
און ווער עס מוז געהן פון וואַגאָן;
אונזער קאַסיר איז בית דין של מעלה,
דער בילעט ווערט פערקויפט נאָך דעם דין,
ווער עס פאָהרט פיעל, און ווער אויף אַ ווײַלע,
און דער פערזאַמט גאָר די מאַשין,
אַז מען הייסט אראָפּ, טאָ דינג זיך נישט,
כאָטש ביסט נאָך ניט קיין אַלטער מאַן,
אָבער דיין בילעט איז אויס, דו ווייניסט אומזיסט,
אזוי איז בעשטימט פון גאָט — פון דירעקטאָר באהן.

4

דער מאַשיניסט שטעהט אויף פּיקעטען,
און קוקט אויף דעם צילינדער, פּיעל היץ און פּיעל זשאַר,
זיין איין פערזעהן קען פון וועג אָפּטרעטען,
און וואַגאָנען מיט מענשען זיינען אין געפאַהר,
אונזער מאַשיניסט איז דער שכל, די געהירן,
ער איז אונזער פיהרער ביים לעבען,
נאָר דער שכל אליין קען צייטענווייז פערפיהרען.
האָט מען איהם א צילינדער געגעבען;
אָט האָסטו א צילינדער, א תורה פון אויבען,
וואו ענגליך — גיב אהיר נאָר אַ פרעג,
אמונה מיט שכל, אי חקירה, אי גלויבען, — —
ווערסטו געהן בשלום דיין וועג,
ווילסטו אָבער פיהרען מיט דיין דולען קאָפּ,
לאַכסט פון צילינדער, פון גאַנצען פּלאַן,
זעה! אָט דו פאַלסט פון רעלסע אראָפּ,
און ווערסט נאָך בעשטראָפט פון דירעקטאָר באהן.

5

אז צוויי פּאַיעזדען זאָלען זיך ענטקעגענען ניט ווסטרעטשען,
איז דאָס נאָר בעלאַנגען אַן טעלעגראַפיסט,
חלילה, אַז ניט, קענען זיי זיך קאַלעטשען
און וואַגאַנען מיט מענשען ווערען שוין צונישט.
אונזערע טעלעגראַפיסטען זיינען די פּעדאַגאָגען.
די לעהרער פון אונזערע קינדער,
היט אייך, איהר לעהרער! דאָס קינד'ס מח ניט צושלאָגען,
מיט צוויי דעות קאָנטראַסטע בעזונדער;
דער אַלטער דור לויפט און פיהרט די אמונה,
דער נייער ענטקעגען שרייט: „שטעה!"
טאָ לאָזט זיי ניט, לעהרער, קאָנטראַסט אויף איין ליניע,
גוואַלד, האָט רחמנות אויף זיי!
מיט איין שלעכט וואָרט פערדולדט איהר זיין קאָפּ,
פערליערט אמונה, האָפנונג, און ווערט אַ טיראַן,
און שפּרינגט אַ צובראָכענער פון ליניע אַראָפּ,
קעגען דעם ווילען פון דירעקטאָר באַהן.

6

די שוטים די ווילדע, די פערשטאָפּטע מוחות,
שרייען ווי לויפט עס אַ וואַגען אָהן פערד? —
ווי קען לופט און פּאַרע האָבען די כוחות
צו שלעפּען וואַגאָנען מיט מענשען אויף דער ערד?
אונזערע שוטים קוקען אויך בלא ראיה,
גלויבען ניט און ווילען ניט פערשטעהן,
אַז די געטליכע קראַפט ליעגט אין יעדער בריאה,
און דאָס איז זעהר פּאַרע אליין,
און שטיינער און בוימער און חיות און קוועלע,
און פייער און וואַסער און ווינט,
און אין דעם מענשען אַ פערבאָרגענע זעעלע,
נאָר זעהען — דאָס זיינען מיר בלינד,
פרעמדע מענשען וועלכע אונבעקאַנט,
ניט זיי איז צו זעהען פון מאַשין דעם פּלאַן,
אויסער דעם וואָס האָט פערשטאַנד
צו פערשטעהן די חכמה פון דירעקטאָר פון באַהן.

7

ווי גרויס איז דער טומעל ביי די וואַקזאַלען,
ווען איין פּאַיעזד געהט אָפּ, דער צווייטער קומט אָן,
צו זעהען פון דאָרט די מענשען וואָלט איך זיין אַ בעלן,
פערשווינדעט דער פּאַיעזד ווי דער לופט-באַלאָן.
די באַהן איז די צייט, אין וועלכער מיר לעבען,
און פּאַיעזדען לויפען אַ שרעק,
אַ דור נאָך אַ דור פליהען און שוועבען,
דער קומט אָן, דער געהט אַוועק;
איך וויל מיט מיין קינד כאָטש צוויי ווערטער רעדען,
אָבער פּלוצלונג פייפט אויס דער סוויסטאָק.
מיר שרייען: „האַלט!" אָבער מען לאַכט אונז אויס ביידען,
דו הערסט דאָך, דער טויט קלינגט, דער גלאָק, —
די מינוט איז טייער, ניטאָ קיין צייט,
זי ווערט געוואויגען אויפ'ן גראַן,
דער שוטה, דער פּאַטער, אומזיסט גאָר שרייט,
אַזוי איז בעשטימט פון גאָט — פון דירעקטאָר באַהן.

1870

---

## רבי יעקב משלם

1

### דער איד

אין שוהל אַ שטאָט מוז ער דינגען צו קויפען,
בה"ב אין די פּושקעס — ווי קען זיין פערפעהלט?!
אויף די אלע ראַספּלאַדקעס, זיינע רובעלעך לויפען,
חזנים, שמשים, שיק רגל-געלט:
היינט פּורים — מגילה-געלט, מחצית השקל,
שבת, יום-טוב, — גאָר אַ מאָרג פאַר דער קריאה,
דער שמש אויף דער בימה, ווי דער מאַקלער מיט'ן שטעקעל,
צאָהל „גילדען" און „גילדון" פאַר דער קלענסטער עליה;
אַן אנדערער ווען ער וויל געהן אין קירכע,
האָט ער פריי זיין וועלט, —
עס קאָסט איהם נאָר אַ האַלבע שעה טרחה,
אָבער ניט קיין גראָשען געלט;
און דער אָרעמער ישראליק מוז קויפען בילעטען,
אויף דעם פרעמדען טעאַטער דער וועלט,
ווילסטו, איד, דאַווענען, ווילסטו גאָט בעטען, —
טאָ גיב-זשע ברודער געלט!

שמאַקטשעט חברה, שמאַקטשעט דעם אידען!
אויף דערויף זייט איהר נישט פויל!
דאָס איז אַ ווייכינקער ביינדעלע, פול מיט זאַפט,
וואָס צוגעהט דאָך פראָסט אין מויל...

2

### דער איד

אז ער וויל נעבעך קויפען אַ פונטעלע פלייש,
דען ער האָט שוין קיין קרעפּטען פון די טרוקענע ברויט,
מוז ער צאָהלען קאָראָבקע מיט זיין ביטערען שווייס,
ער גריזשעט די ביינער און איהם שינדט מען די הויט,
דער גוטינקער חוכר, מיט די ליעבהאַרציגע נאמנים,
מיט די גראָבע בייכער, מיט די קערקלעך די דיקע,
מען בעגריסט דעם געמיינעס, ער האָט דאָך שוין קיין פנים
איבער די שעפּסעלעך לומען זיך די חיות די דזשיקע;
אַן אנדערע פאַר פינף צי זעקס קאָפּייקען,
בעקומט ער פלייש דיק און פעט,
פערשפּאָרט נאָך אויך זאַלצען פלייש און ווייקען,
אַ געשמאַק איהם אין מויל, און אין בויך אַ זעט.
און דער איד, ווען אין זיין הייזעל פּלאַקערט אַ שרפה...
וואַרעמט זיך נאָך יעדערער פון קעלט
ווילסטו פלייש עסען, און דוקא ניט טריפה, —
טאָ גיב-זשע, ברודער, געלט!
אָה!
פיטערט אייך, חוכרים, אויף דער אידישער לאָנקע, —
פאַר אייך איז דאָ אַ גליק,
דאָ איז אַ גרינע פּאַשע, און אַ הויכער גראָז,
אָקסען ווערען דאָ פעט און דיק...

3

### דער איד

פולע בתי-מדרשים, מיט די אלע ישיבות,
שלעפּט ער אויף זיך אָהן אַ שיעור, אָהן אַ ברעג:
אי ליכט, אי קעראָסין, אי אלע ווייליע נדבות,
אי פודען ווייס-ברויט, אי די גאַנצע וואָך טעג,
היינט אָפּגע'גט'ע עלוים, ישוב'ישע חתנים,
פערזעסענע בחורים, און אַלטע פרושים,
קינפּטיגע מגידים'לעך, מלמדים בין הזמנים,
מנהלים, משגיחים, מיט די אונטער-שמשים;
אַן אנדערער איז פריי פון אלע לאַסטען,
קיין שטיינער ליגט איהם אויף זיין וועג,
זיין רובעל עודף, בלייבט ביי איהם אין קאַסטען,
קיין פרוש — וואָכער, קיין קלויזניק — טעג;

און דער אָרעמער ישראליקעל ווערט אויסגעריסען,
פון דעם הויקער וואָס הינטען וואַקסט אויס,
ווי ער וויל נעהמען אין מויל נאָר א ביסען,
רייסט דער הויקער פון הינטען אַרויס...
אָה!
רייט אויף דער קליאַטשקע, חברה קבצנים!
רייט! — כל־זמן זי לעבט,
היינגט זיך אָן, דאַרמאָיעדניקעס, וויפיעל איהר ווילט!
די קליאַטשקע — זי טהוט און שלעפּט!...

4

### דער איד

אַז ער ווערט געלאַדען אויף א שמחה, אַמאָל אין אַ חודש,
נעהמט מען איהם בערייסען ווי ער עסט נאָר אָפּ פיש,
בעטערם און סארווערס, און אלע כלי־קודש,
און פופּצעהן קבצנים, מיט די טעלער ביים טיש,
אויף זעקס שעה נאָכאַנאַנד ווערט ער פערזעסען,
געדריקט און געקוועטשט, — שוויץ, מחותן, שוויץ!
ער וויל נעבעך שלאָפען, דאָ נויט מען איהם עסען,
דעם מאָגען פערדארבט ער, און פערקיהלט זיך
פון היץ...

אַן אנדערער, אז ער ווערט ערגעץ געלאדען,
געניסט ער פערגעניגען פיעל דערביי!
ניט זיין קעשענע ליידעט דערביי קיין שאָדען,
ער עסט און טאַנצט, און שטענדיג פריי;
און דער אָרעמער ישראליקעל, קען ניעמאלם געניסען
פערגעניגען פון זיין שטיקעל וועלט;
ווילסטו זיך פרעהען, — טאָ ווער אויסגעריסען,
און גיב נאָך, ברודער, געלט!
אָה!
שמאָקטשקעט, חברה, זויגט ביי דעם אידען,
זויגט און ציהט די ברוסט!
שוין טויזענדער יאָהר אַז איהר זויגט און איהר בייסט, —
אנטוואוינען וועט מען אייך אויביג ניט!...

5

### דער איד

אַז ער ווערט שוין זאַט מיט בזיון, מיט בושה,
ער קען שוין ניט אויסהאלטען און פערלאָזען שוין זיין
וועלט,
געפינט זיך נאָך דאמאָלס א חברה־קדישא,
מען בע׳גזל׳ט די יתומים, און מען רייסט קבורה־געלט!
אַז ער האָט געלאָזען ירושה פאר זיינע עלענדע קינדער,
געפינט זיך א חברה וואָס מען שטעלט זיי בדלות,
אויפ׳ן בית־עולם די שמשים, די גבאי׳טעס בעזונדער,
צאָהל זיי פאר גערטעלע, פּאָדעשקע, פאר סיבה און
טלית.

אַן אנדער, אז עס קומט זיין צייט צו שטאַרבען,
קיין חברה׳ס פון איהם א האָר געניסט,
מיליאָנען געלט מאָגען די קינדער אַרבען,
זיין גראָב, זיין ערד גיט מען איהם אומזיסט;
און דער אָרעמער ישראליקעל קען קיין מנוחה ניט קריגען,
אפילו ווען ער פארלאָזט שוין די וועלט;
ווילסטו, איד, שטאַרבען, — ווילסטו אין דער ערד ליגען...
— טאָ גיב־זשע, ברודער, געלט!
אָה!
לופּעט, חברה! חברה־קדישא!
אויף דערויף זייט איהר דאָך געבויט:
שערען און מעלקען איז גוט, ווען דער שעפּס לעבט,
און שינדען — ווען ער איז טויט!...

1882

## דער אריסטאָקראַט

פיעל דאנק איך און לויב גאָטעס נאָמען,
וואָס ער האָט מיר די אויגען אויפגעמאכט,
האָט געשיקט אויף מיין שטעדטעל פּאָגראָמען,
דאָס האָט מיך פון חלום ערוואַכט;
איך האָב אָבגעלעבט א לעבען אין טומעל,
פערדאָרבען מיין קערפּער, מיין גייסט,
אויף מיין האַרצען איז אָנגעוואַקסען שימעל,
פערלאָרען מיין שטאָלץ און מיין דרייסט;
געזוכט פריינד פון פ ר ע מ ד ע נאַציאָנען,
מיינע ברידער פערהאַסט און פעראַכט,
לסוף האָט מען מיר ניט געוואָלט קאָנען,
אין די אויגען וואַר איך אויסגעלאַכט;
פערדאָרבען מיין ווייב, מיינע קינדער,
קיין רוהיגען לעבען געהאַט,
געגען מיין פאָלק און מיין שטאַם אַ זינדער,
איך האָב געוואָלט זיין אן אַריסטאָקראַט!

2

פון די אַריסטאָקראַטיזמוס מיט די פינסטערע נעמען
האָב איך שוין, לויב גאָט, אַ בעגריף,
טאָ וואָס זאָל איך מיך איצטער שעהמען,
דערצעהלען אייך מיין יחוס בריעף? —
תלמוד תורה האָט מיך ערצויגען,
אין ישיבה אויף דער הילצערנער באַנק,
נאָר אַ ישוב׳ניק וואַרפט אויף מיר אויגען,
ער האָט פאר מיר דרשה געשאַנק,
ער האָט פאר מיר א טיראלסקע בהמה,
צו איהר נאָך א ציעג אין נדן,
אָט בין איך מיר געוואָרען כדומה,
פון אַן אלטען בחור — אַ יונגער מאַן.
מיין גליק האָט גענומען דאַן שפּיעלען,
אַ פּאָר טויזענד ווי איך האָב נאָר געהאַט,
דאַרף זיך מיר צו מיין אומגליק פערוועלען
צו ווערען אן אַריסטאָקראַט.

3

ענטזאגט באַלד דעם אידישען רבי׳ן,
פון אַ אידישען ספר קיין שפּור;
איינגעפיהרט א קריסטליכען לעבען,
מען זאָל מיינען דאָס איז קריסט פון נאַטור;
קריסטמעס געשטעלט מיר אַ יאָלקע,
בעפּוצט איהר מיט פרוכטען, מיט ליכט,
אַ נדבה אויף א רוסישע „קאָשצאָלקע“
און קריסטליכע בעדיענונג איינגעריכט —
אי אַן אַם, אי אַ דיענסט, אי אַ קוטשער,
קאַצאַפּעס אין געשעפט, אומעטום,
אַ באָנע, אַ לאָקאַי, א שווייצער,
אין יעדערן פערקליידט זיין קאָסטיום;
שבת געטהאָן ווי אום דער וואָכען,
זונטאג געפייערט אַקוראַט...
דאָס יודענטהום אין גאנצען פערבראָכען,
און געוואָרען אנ׳אַריסטאָקראַט.

4

מיין ווייב — די ישוב׳ניצע די פּראָסטע —
זי טאַנצט מיר אויך נאָך צום גראַם,
געוואָרען גיך אוים בעל הבית׳טע,
אוים ווירטהין, אוים ווייב, נאָר „מאַדאַם“;

ביז האלבען טאָג געלעגען אין בעט.
— זי וואר נעכטען אויף מאַסקאַראַד
דערנאָך ערשט געמאַכט די טואַלעט,
ארויסגעפּאָהרען מיט שיק, מיט פּאַראַד;
אָפּגעשטאַט אַ צוויי־דריי וויזיטען,
געקומען אַ היים מיט קוראַזש,
געהייסען איבערשפּאַנען דעם שליטען
און באַלד — אויף טעאַטער „בעלעטשאַזש";
אַן ארימאַן אין קאָרידאָר ניט דערלאָזען,
דאָס האָט זי געהיט ווי אַ כוואַט,
וואו אַ איד, האָט זי פון זיך געבלאָזען,
זי איז שוין אויך אַריסטאָקראַט.

5

די אַם, און די דיענסט און די באָנע,
האָבען מיט די קינדער אַ פּעולה געטהאָן,
אַז דער איד איז אַ שד, אַ סכנה.
שריי־זשע „סמערדיט"! פּאַשאָל וואָן!"
זיי האָבען די קינדער געלערנט
צוזאַמען מיט די מילך פון די בריסט:
— „צייט דער איד האָט גאָטעס זוהן ערצערענט,
„איז ער פערבליבען אויף אייביג פערוויסט,
„הפקר איז אַלץ וואָס איז זיינע,
„הפקר זיין לעבען, זיין געלט".
און איך פלעג עס הערען די טענה,
און דאָס האַרץ האָט מיר דאַמאָלס געקוועלט;
מיינע קינדער זיינען פערבליבען
שונאים דעם כלל און דעם פּרט, —
ניט מיר מיינט מען, נאָר — די א י ד ע ן די דיבען,
איך בין דאָך — „אַריסטאָקראַט!"

6

מיין טאָכטער פלעגט אויסגעהן שפּאַצירען
אין ברילען, מיט דאַרווינ'ס אַ באַנד;
קאַוואַלערען פלעגען איהר שטענדיג פיהרען
מיט אָפּיצערען געאַרעמט ביים האַנט.
ניט געוואוסט וואו די קיך איז געשטאַנען,
ניט געוואוסט פון אַ ווירטהשאַפט אין הויז,
אַ בוך האָט זי אַזוי פיעל פערשטאַנען —
פיעל איך די גמרא אין קלויז;
ביים פּיאַנאָ פלעגט זי לייטען אויסגעבען,
ווי אַ קוימענקעהרער עסט ווייסע קעז, —
קיין „גאַמאַ" האָט זי ניט געוואוסט אין איהר לעבען,
קיין „בעקאַר", קיין „בעמאָיל", קיין „דיעז",
דערפאַר פלעגט זי האַסען אַ אידען,
געברענט פראָסט זיין אָרט אין דער טהאַט,
און איך בין געווען פול צופריעדען,
איצט בין איך אַריסטאָקראַט.

7

אין הויז פלעגט שטענדיג זיין בעלער,
צו אַלעמען אַ קאָנטרע־וויזיט,
רוסיש פלעג איך ריידען פול פעהלער,
נאָר קיין זשאַרגאָן — גאָט בעהיט!
אויף מאַסקאַראַדען פלעג איך מיר פאַרהולען,
אין וואַלצערס, אין קאָנטרעדאַנס;
אין קלוב פלעג איך פיעל געלט פערשפּיעלען
אין סטוקלקע, אין פּראָפּעראַנס;
ענינים פון אידישען צבור
ניט נעהמען קיין אַנטהייל אין דעם,
אַ מחבר פלעגט ברענגען אַ חבור —
דער דיענער מיט די הינד גלייך אויף עם;
אויף פסח קיין קמח עניים,
קיין הקדש, קיין שוהל און קיין שטאָט,
אויף מיין שוהעל ניט אַרויף די גבאים,
איך בין דאָ אַריסטאָקראַט.

8

מיין זוהן גיב איך שטודירען,
אין דאָס לעצטע פונק לעשט זיך אויס גיך;
ער זעהט דאָך ווי צו הויז פלעגט זיך פיהרען,
אָט האָט ער אַ ביישפּיעל פאַר זיך —
אַ רייך קינד און ווייס פון קיין גלױבען,
און מיט שלעכטע חברים שפּאַצירט,
פלעגט אָפּט מיך בע'גנב'ענען, בערויבען,
און האָט די רעגיערונג בעריהרט:
גערעדט אויף רעליגיע, אויפ'ן קייזער,
וואָס יעדעס וואָרט שמעקט מיט סיביר,
אַז איך פלעג מיך געבען אַ בייזער,
מיט פעראַכטונג, אויסגעלאַכט מיר;
מיין האַרץ איז אין מיר שיער צושפּרונגען,
„מכת דם" ווי פּרעה געהאַט,
אַ בת קול האָט מיר דאַן געקלונגען,
אַז דאָס איז אַן אָנפאַנג פאַר „אַריסטאָקראַט".

9

מיין ווייב — האָבען געזאָגט אַריסטאָקראַטקעס —
אַז אַ געזונדע פרוי איז זעהר געמיין,
אַ רויטע געזיכט פּאַסט פאַר די יאַטקעס,
אַ „מאַדאַם" קליידעט „בלאַס" זעהר שעהן...
האָט זי אויף זיך גענומען אַ נדר
— זיצענדיג אויף מאַסקאַראַד —
אויף זומער צו פאָהרען אין די בעדער
אָבצוצעהרען זיך אין מאַרינבאַד.
צוריק איז זי געקומען אַ בלאַסע,
דאַר ווי אַ סקעלעט, ווי אַ כאָרט,
און דאָ פרעגט מיר די באָנע אַ קשיא:
צי זאָל זי איהר אָבטרעטען דעם אָרט...
דער פעבעל מיט אינזעקטישע נגונים,
האָבען מיין נאָמען בעפלעקט און בעשטאַט,
האָב ברודער „צ פ ר ד ע און כ י נ י ם"
דו ביזט דאָך אַן אַריסטאָקראַט.

10

ווי דער פעבעל האָט מיך אָבגעשטויסען,
ביי קריסטען פאַררעכענט פאַר דול,
דעם גלויבען איז שוין צו שפּעט צו טוישען...
האָב איך אויפגעקעלרט אַ רעפאָרמירטע שול,
דעם שבת אויף זונטאָג פערבייטען,
אַן אָרגעל, פון קריסטינס אַ כאָר,
דאַוונען אָהן היטלען ווי „ביי לייטען",
און צוזאַמען מיט פרויען צו־פּאָר;
אַ סידור פון בערלין אויסצושרייבען,
פון גייגער'ס גע'רעפאָרמירטעס הויז,
פון דאַוונען אַ צעהנטעל זאָל בלייבען,
וואו „ירושלים", וואו „משיח" — אַרויס,
צו מיין דעה דערטאַפּט באַלד אַ קרוב,
דאָ האָט די השגחה קיין ברירה געהאַט,
טאָ נאַ־זשע דיר די פיערטע מכה „ערב",
דו ביזט דאָך אַן אַריסטאָקראַט.

11

אַט דאָ האָב איך דערזעהן צו מיין שאַנדע,
אין וואָס מכת „ערב“ בעשטעהט :
חיות, א „באָסע קאָמאַנדע“
האָבען אונזער שטעדטעל מיט פעדערען פערשנעעט.
מיינע דיענער האָבען זעלבסט אָנגעוויזען
וואו עס ליעגט ביי מיר ציערונג אין פעק ;
געענדיגט די שעפּסעלע גריזשען,
און גלייך איבער'ן שטעדטעל אַוועק ;
מיין זוהן אַז מען גיט איהם „פּאָ שייע“
האָט ער מיר אַ קשיא געפרעגט :
„ראַזווע מי טאָזשע יעווריעאי ?“
אָט די קשיא האָט מיר פאַר אַ תירוץ געקלעקט.
מיר זיינען אַוועק באַלד קיין קיעוו,
אָבער דעם זעלבען פעסט האָט זי אויך געהאַט,
דיר קומט דאָך דער „דבר“ מיט חיוב,
דו ביזט דאָך אַן אַריסטאָקראַט.

12

אין קיעוו האָבען מיר זיך געוואָגעלט
אַז מיר זיינען אין אַ סקראָפּעל אַריין,
מיט שטיינער האָבען קאַצאַפּעס געהאָגעלט
נו, „שחין“ און „ברד“ מוז דאָך זיין. —
ווי קין האָט מען אונז געשליידערט,
צום גרענעץ, קיין עסטרייך, קיין בראָד,
דאָרט האָט געשוויבעלט, גערודערט
פון בערויבטע א גאנצער נאַראָד.
ביז פופצעהן טויזענד מענשען אָנגעהאנגען
אויף גאליציען, וואָס איז זעלבסט הונגעריג,
ברויט אַז מען פלעגט נאָר דערלאנגען —
פערשלונגען ווי דער היישעריג,
פון דעם היישעריג דער „ארבה“, ווי א כמאַרע
האָב איך שוין קיין קרעפּטען געהאַט.
דיר קומט דאָך דער ארבה, ווי פרעה,
האָסט דאָך געוואָלט זיין אַן אַריסטאָקראַט !

13

אַ דירה האָב איך געהאט דאָרט א פיינע,
אין אַ פינסטערען קעלער דאָרטען,
האָב איך דען צו גאָט א טענה ?
„חושך“ קומט מיר על פי דין.
פון די גרויסע מיטינגען-סך'ען,
וואָס מענשען האָבען געלט אויפגעמאכט,
ברייננגט מען אונז עסען און זאַכען.
אויף די באַהנען צום ים גלייך געבראַכט,
ווי מען זעצט אונז אַוועק אויף די שיפען,
ווערט פלוצלונג א גאנצער געשריי :
זשאנדארען האָבען מיין זוהן אָפּגערופען,
פערהאפטעט, געפיהרט קיין ראָסיי.
פון מיין בכור, מיין איינציגען יורש,
קיין גערוס עד היום ניט געהאט,
טאָ נאַ דיר שוין „מכת בכורות“
און זיי שוין אוים אריסטאָקראַט.

14

פסח תקוה האָט אונז שוין צוגענומען,
געגעבען א פעטע שטיק ערד,
פערהאָלפען אין אביסעל מזומן
געקויפט מיר בהמות מיט פערד ;
מיר בעאַרבייטען די קאָלאָניע גאַנץ פּראַקטיש,
פון צייטונגען ווערען מיר געעהרט,
די וועלט קען עס זעהען אלעם פאקטיש
אַז דער איד איז אויך פעהיג צו ערד.
עס לערנען אונז די צרות, די נויטען :
אז דער איד מוז זיין „איד“ איבעראל,
איין איד מוז זיך בינדען צום צווייטען,
זאָנסט געהט פערלאָרען דער „כלל“.
אַז די מכות האָב איך אין רוסלאַנד געקריגען
עס איך היער די קניידלעך צו זאַט,
אין פעלד זינג איך מיט פערגעניגען,
אָט דאָס ליעד פון „אריסטאָקראט“...

---

## צו די שטערען

אויף אייך שטערען, געהט ביי אונז אַ זאַגע,
אַז יעדערער פון אייך, איז א גאנצע וועלט :
מיט ים מיט יבשה, מיט נעכט און טאַגע,
איהר זייט מיט מענשען אויך בעזעלט ;
אייך זעהען, בעטראכטען ווען איך וואָלט קאָנען,
צו האָט איהר אויך פעלקער, מיט אונזער ערד צוגלייך,
אָדער איהר ווייסט ניט, פון פערשיעדענע נאַציאָנען ;
אָה, גליקליכע מענשען ! ווי וואויל איז אייך !
ביי אונז אויף דער ערד :
פרידען, שטיל
ווי מען וויל,
גיט גאָר ניט אין לאַנד,
מיליטער
וואָס מעהר,
אימער דעם שווערד אין האַנט !
ענגלאַנד מיט אינדיאנער
שנאים פון דער וויעג,
טערקען מיט סלאַוויאַנער
אייביג שטרייט און קריעג.
דער שווערד
אויף דר'ערד
רוהט ניט איין מינוט,
רק שטרייט
און שניידט
אַז די ערד פארזינקט אין בלוט !

2

וואו נעהם איך פליגלען צו אייך צו פליהען,
זעהן וואו איהר דאָרט אין בילדונג האַלט ;
ווילט איהר זיך גאָר וועגען דעם ניט בעמיהען ;
איהר זייט נאָך ווילד, אין אַפּענגעשטאלט ;
אָדער איהר זייט שוין אַ ל ע ס דערגאַנגען,
די פערבאָרגענע נאַטור — מיט גייסטער צוגלייך ;
איבעראל איז אייך ליכטיג, קיין פאָרהאַנג פערהאַנגען...
אָה, גליקליכע מענשען, אזוי וואויל איז אייך !
ביי אונז אויף דער ערד :
מען איז בלינד
ווי א קינד
מען ווייס קיין אָנהויב ניט,
עס האָט קיין ווערט
וואָס מען קלערט,
מען מאַטערט מאַרך אומזיסט.
וואָס איז די לעבענס קוועלע.
ווי דיינקט זיך אין דער שטיל ?
וואָס איז גייסט און — זעעלע,

וואס איז דעם מענשענס ציעל?
דער מאשין
פון זין,
ווי טרוימט זיך אין שלאף?
מען בלייבט פוסט
אונבעוואוסט,
עס ווייס קיין פילאזאף!

3

איך וואלט וועלען זעהן די שלעכטע געזיכטער
וועלכע מוזען ביי אייך, צום משפט שטעהן,
וואס איז די עבירות? ווער זיינען די ריכטער?
גיט אויך א לאיער, וועלכער מאכט זיי ריין?
איהר זייט פיליכט געבענשט, מיט די נאטירליכע נאמנות,
איהר קומט צונויף אויפ'ן גאס, מיט די בישלען צוגלייך?
און ריכטעט מיט אמת, אהן כאבאר אהן מתנות,
אה, גליקליכע מענשען אזוי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
כאבאר
איז די שטאר
וואס די אויגען פערשטעלט,
זיי א דיעב
נאר ג י ע ב
א העלפט א י ה ם פון דיין געלט.
בערויבטע שרייען מאסען,
דער ריכטער מאכט זיך שטום!
דער וואס ברענגט אפ גאסען
געהט זיך פריי ארום.
דער אקיטאר
פון רעוויזאר
ווערט נאך גאר ניט אלט,
וואו מען געהט
וואו מען שטעהט
זעהט מען זיין געשטאלט.

4

עס איז מיר זעהר אינטערעסאנט צו וויסען
אויף וועלכע שטופע אייער בילדונג שטעהט,
זייט איהר פראסט און עהרליך, מיט א ריינעם געוויסען,
ווי מיר אמאל, — נאך יונגערהייט;
אדער איהר זייט שוין אין פראגרעס געשטיגען,
דאס געוויסען ג ע ז י ט ע ט, ביי אלעמען גלייך,
קיין פאלשע הערצער, איז ניט צו קריגען?
אה, גליקליכע מענשען, אזוי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
דעם קינד
געשווינד
טרייבט מען אין דער שוהל,
און דער אסטראג
פון טאג
ווערט נאך מעהרער פול;
ווער אין בילדונג גרעסער
קוקט נאר רק פאר זיך,
די בילדונג שליפט דעם מעסער
דעם צווייטען קוילען גיך.
בעטרוג
מיט קלוג
געהן גלייך געפארט;
ווער פיין
וויל זיין,
קריגט אויף דער ערד קיין ארט.

5

שפיעלט ביי אייך אויך, א ראלע „יחוס"
ווי ביי אונז, אט דא אויף דער ערד?
א „לארד" און „גראף" בעקומט דער די סמיכות
דער וואס שטאמט פון אראבסקע פערד?
אדער „דעמאקראטען" און „אריסטאקראטען",
איז גאר אייער לעקסיקאן אין די ווערטער ניט רייך
איהר זייט גלייכע יחסנים, קינדער פון איין טאטען,
אה, גליקליכע מענשען אזוי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
דעם קנעכט
איז שלעכט
הפקר איז זיין גוף;
געדריקט,
געשטיקט,
און מאכט די מויל ניט אויף.
זיין גאנצע הארעוואניע
געהט אוועק צום ווירט,
עס העלפט גאר ניט קיין טענה
דען דער „פויסט" רעגירט.
פערשמאכט,
פעראכט
פערעכענט ווי א פערד;
דער „באראן"
דער „פאן"
צו איהם געהערט די ערד.

6

האלט איהר נאך פיליכט, ווי אונזערע ערשטע מענשען,
אז א שרעק פון א דונער אייך „גלויבען" ערקלערט;
אדער אייער שכל, איז שוין אריבער די גרענצען:
איהר ווייסט די ווארהייט, גאר אונגעשטערט?
האט אייך דארטען ווער איין „תורה" געגעבען,
א י י ן אמונה, א י י ן גלויבען פאר אלעמען גלייך?
דאן ווייסט איהר קיין רעליגיאנס האס, צייט אייער לעבען,
אה, גליקליכע מענשען, אזוי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
דער וואטיקאן
ברענט דאן
מענשען אין דער גלותה;
מאהאמעד
מאכט פעט
שטיקער ערד מיט בלוט.
מלחמות אהנע גרענצען
האט רעליגיאן געבראכט,
קרבנות פון מענשען —
אויף איהר אלטאר געשלאכט.
מען שרייט
פאר לייט:
„איך בין פון גאט געשיקט"
און מיט דעם
גוטען שם
ווערגט מען און מען שטיקט.

7

איז ביי אייך אויך געווען א שם, חם און יפת
וואָס די קינדער פערגעסען זייער שנאה ניט.
און גענומען זיך צו שם'ען, דערשטיקען ביז א נפש,
און מען גיט זיך א נאָמען „אנטיסעמיט״?
גיט דאָרט אויך ביי אייך אזוי אן אומה אידען
וועלכע האָט קיין רוה, ווי דער שפּענדעל אין טייך?
אָדער איהר לעבט זיך אלע, אין ליעבע און פריעדען,
אָה, גליקליכע מענשען, ווי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
פון אָרם
דער פלאָם
וואָס האָט אברהם'ען געברענט,
ער היצט
ביז איצט
און ווערט נאָך ניט פערלענדט;
וואו דער איד זאָל קומען
געפינט ער ניט קיין רוה,
וואו ער ווערט פערשוואומען
נעהמט מען איהם ניט צו;
איבעראל
אַ באַל
מען וואַרפט פון האנט צו האנט,
אַ ציעל
צום שפּיעל
און זעהר אינטערעסאנט....

8

האָט איהר אויך ווי מיר, אייזענבאהנען,
אייערע שטערען צושניטען און געמאכט א וועג?
איז דען לופט-באַלאָנען, ביי אייך פאראנען,
זייט איהר מיט די „קונסט״ שוין גאָר ביים ברעג?
און אייערע דאָקטוירים, וואָס בעזוכען קראנקע
קוקען געוויס ניט פון זיי — ווערען רייך,
און זייערע רפואות, איז א לעבענס געשאנקע,
אָה, גליקליכע מענשען, אזוי וואויל איז צו אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
דער סטודענט
ער נעהמט
צעהן טויזענד נדן,
ווערט רייך,
קויפט גלייך
קאָרעט, פערד און שפּאַן;
פערגעסט נאָך דעם עקזאמען
וואָס ער געלערענט האָט,
פאָהרט און קלייבט צוזאמען
דאָס ביסעל געלט פון שטאָט:
אויב עס שאדט
זיין ראָטה
איז איהם דער צער ניט גרויס;
דער נס,
אַז דער מת
זאָגט קיינעם ניט אויס. —

9

עקזיסטירט דען ביי אייך אויך די מטבע,
וואָס זי טיטולירט אויף „אביון״ און „גביר״?
זי איז „למדן״ און „יחסן״ האָט די מאכט און די דעה,
אמת און יושר, פאַלען פאַר איהר?
אָדער איהר לעבט זיך, ווי מיר פערצייטען
איהר שפּייזט זיך פון בוימער, פון ערד, פון טייך?
איהר ווייסט ניט פון צרות, וואָס „געלט״ קען בעדייטען,
אָה, גליקליכע מענשען, אזוי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
„אָמור״
מיט א שוואור
פערקויפט מען אלץ פאר געלט;
דאָס האַרץ
איז שוואַרץ
פון דרויסען איז פארשטעלט.
דער צדיק געהט אין טלית
און האַלט אָפען די הענט,
דער מלוה שטעלט בדלות
מיט זיין גרויסען פּראָצענט.
דער בעפאַלט
אין וואַלד
און ברענגט אום פון דער וועלט;
דער צינדט
אַ געזינד
און אלעס נאָר פאר געלט...

10

ווען וועלען שוין קומען, די גוטע צייטען
וואָס די פּראָפעטען, האָבען פאָרגעזאָגט?
אז טהיערע מיט שאָף, וועלען מעהר ניט שטרייטען
דער שעפּס וועט ניט זיין פון וואָלף געיאָגט;
קוה און בער, געשפּאנט אין א וואָגען
אַ קינד וועט פיהרען ביידען גלייך
און איהר שטערענלייט וועלען דאמאָלס זאָגען
אָה, גליקליכע ערד-מענשען, אזוי וואויל איז אייך!
ביי אונז אויף דער ערד:
רעליגיאָן
נאַציאָן
וועלען דאן זיין מילד,
קיין טרער
ניט מעהר
נאָר מ ע נ ש אין גאָטעס בילד, —
אַ סאָבע מיט אַ קאָסע
וועט מען מאכען פון שווערד,
עס וועט ניט זיין קיין רשע
אויף דער גאנצער ערד;
קיין טיראַן,
קיין אָבמאַן,
קיין פאַלשקייט אין געריכט,
עס ווייזט
נאָר גייסט
אויף יעדעם געזיכט.

1885

# אויף דיין אלטען וועג

1

שוין צייט, מיין פאָלק, זאָלסט עפענען די אויגען,
ווי דיין לעבענשטאַנד איז מיט ריזיקע פול.
דו מוזט נאָך אין האנדעל דיין געוויסען פערבויגען
און נאָך אלעמען בלייבט דיר — א נול...
דו מוזט מיט דיין לעבענסמיטעל, ווי א וואָרעם זיך
צאַפּלען,
די דאגות פערדולדען דיין קאָפּ,
קריכסט אויף א לייטער מיט צובראָכענע סטאַפּלען
און צוואנציג מאָל פאלסטו אראָפּ.
דיין קרעמעל, דיין שיינקעל,
איז א דרייפיסיגער ביינקעל;
גראָה און אלט ווערסט דו דורך זיי;
דאָ שפּילעסט דו א קאָמעדיע,
דאָ א טראַגעדיע,
מען זעהט ביי דיר סצענעס אלערליי...
פון דעם אמת אין הארצען
ליידסטו זעלבסט שמערצען
פאר איהם געהט קיין תרוצים ניט אָן...
ער קוקט ריין און ליכטיג
און ווייס גאנץ ריכטיג,
וואָס בעטייט „ספּעקולאציאָן“...
טאָ קוק זיך ארום, דיין הארץ גיב א פרעג.
ביזט, מיין פאָלק, צו ווייט פערקראָכען פון וועג!

2

שוין צייט מיין פאָלק אז דיין שכל זאָל דיר קליגען,
דעם מענשענס גליק אין וואָס עס בעשטעהט.
צי מאכט דען טעאַטער דיר פערגעניגען,
ווען דיין קאָפּ, ווי א וואסער מיהל דרעהט?!
צי קען מען ביי דיר כאָטש איינעם געפינען, —
א גביר וועלכער עסט שוין דאָס בעסט, —
עס זאָל זיין בערוהיגט זיין מח, זיין זינען,
די זאָרג זאָל דאָרט ניט מאכען איהר נעסט?...
ווי גוט איז דעם בויער:
געזונט, שטארק און דויער,
איינפאך געגעסען, געקליידט;
ווייס קיין קלאָפּאָטען
פון ביינק, פון אָטשאָטען,
ברויט אויף א יאהר אָנגעגרייט,
זיין שלאָף איז א זיסער,
זיין וועטער א פרישער,
זיין סאָוועסט גריזשעט איהם ניט —
ווי א זויג-קינד א גוטער
שלאָפט ביי דער מוטער, —
זויגט ביי די ערד איהרע בריסט...
טו קוק זיך ארום, דעם בויער גיב א פרעג!
ביזט, מיין פאָלק, גאנץ ווייט פערקראָכען פון וועג!

3

שוין צייט, מיין פאָלק, זאָלסט ביי זיך בעשטימען,
ווי דיינע שונאים האָבען דיר געמאכט בלינד;
דיין ערד, דיין היונה, האָט מען ביי דיר צוגענומען
און געהייסען דיר לעבען פון ווינד;
די רוהיגקייט בערויבט פון יעקב'ס געזינדעל
מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק.
דיין קערענדעל כאפסטו פון לופט און פון שווינדעל
און זעהסט ניט דיין גרויסען אומגליק.
אויף דיין ערד געזעסען,
דיין מיה געגעסען,
דיין ווייץ און דיין פרוכט און דיין וויין —
זי האָט דיר געגעבען
אלץ וואָס צום לעבען;
ווי קען מען שוין גליקליכער זיין?!
געלעבט מיט א סדר,
אין וואָהנונג אין קליידער,
יענעמס געלט ניעמאלס בעריהרט;
עס דרעהט ניט דער זינען
וועגען צאהלען טערמינען,
ניט אָנגעזעצט, ניט באנקראָטירט.
טאָ קוק זיך ארום, דיין היסטאָריע גיב א פרעג!
ביזט, מיין פאָלק, גאנץ ווייט פערקראָכען פון וועג!

4

שוין צייט, מיין פאָלק, דו זאָלסט זיך בעראטהען
מיט דיין חומש'ל, מיט איהרע ריינע שריפט;
ווי פון טאָוועל ביז טאָוועל איז זי פול מיט געבאָטען
נאָר וואָס צו די ערד אנבעטרעפט:
פון שמיטה, פון יובל, פון מעשרות, בכורים,
פון ערלה, פון פאה, פון דמאי —
צי האָסטו פון איהר ווען געהערט די דבורים
פון קראָם, פון שיינק, פון מעקלעריי?
מעגסט טרויען דיין רבי'ן,
אז וואָס הייסט גליקליך לעבען,
האָט ער געוואוסט ריכטיג דעם ציעל, —
וואָס בערוהיגט דעם מח,
וואָס קרעפטיגט דעם כח,
וואָס עס הייסט עהרליך און שטיל...
אין תלמוד זעה פלאים,
ווי גאנץ סדר זרעים
רעדט פון ארבייטעריי.
און ווען דו האָסט געהאלטען
די צואה פון אלטען,
האָסטו געלעבט גליקליך און פריי.
טאָ קוק זיך ארום, דיינע לעהרער גיב א פרעג!
ביזט, מיין פאָלק, צו ווייט פערקראָכען פון וועג!

5

שוין צייט, מיין פאָלק, זאָלסט שוין בעטראכטען,
ווי דו האָסט גאָר א גאנץ פאלשען בליק;
דעם עקאָנאָמישען לעבען זוכסטו צו פעראכטען
און מיינסט אז אין לוקסוס שטעהט דער גליק.
ביזט שוין אין אונאָרדענונג צו ווייט פערקראָכען,
אז ס'העלפט שוין קיין שרייבען, קיין רייד.
אָן אָרעמעס קינד וואָס טראָגט באָב אום דערוואָכען,
געהט שבת אין זיידענס געקליידט.
ווייז מיר פון דיר איינע
אָ כלה א געמיינע,
וואָס האָט ניט קיין ווייס אטלעס קלייד?
אויף די בולוואַרען,
זעהט מען שאַרען
שלעפּעס פון סאמעט גענעהט;

דאָס פערשוואַכט זיי די כחות,
פערדולט זיי די מוחות —
אבי געהן געפוצט און געצירט.
דיינע שנאים, ווי די קלינגער,
טייטלען מיט די פינגער:
„ביזט רייך און האָסט זיי עקספּלואַטירט“
טאָ קוק זיך ארום, די צייטונג גיב א פרעג!
ביזט, מיין פאָלק, צו ווייט פערקראָכען פון וועג!

6

שוין צייט דו זאָלסט וויסען, אז די „שלעכטע צייטען“
עקזיסטירען מעהרער נאָר אין דיין קרייז;
דען ווען א שטאַט זאָל ניט האָבען פעלדער ביי די זייטען,
פון וואנען וואָלט זי ציהען איהר שפּייז?
ווי קען א פאָלק אויף דער וועלט עקזיסטירען
אָהן ערד ארבייטעריי?
דרום רוהט ניט ביי דיר פון מקבלים די טירען,
דען העלפט פאָלק לעבט פון בעטלעריי.
יעטווידער נאַציע
האָט קאָלאָניזאַציע;
דאָס איז די הויפּט וואָס זי קוקט,
נור א קליין טהייל דערנעבען
מאכען זייער לעבען
פון טאַלאַנט און פערקויפען פּראָדוקט.
און דאָס איז די פּריטשינע,
וואָס אין יעדער מדינה
מוזט דו זיין צוזייט און צושפּרייט.
ווי קען דען אן אומה
האָבען א תקומה,
אז זי האָט ניט קיין פעלדער פּארזייט?
טאָ קוק זיך ארום „עקאָנאָמיע“ גיב א פרעג!
ביזט, מיין פאָלק, צו ווייט פערקראָכען פון וועג!

7

שוין צייט, מיין פאָלק, דו זאָלסט זיך דערמאָנען
אָן דיין ווינעלע, דיין געבאָרענס לאנד;
מאָך איהר פאר ישוב, בעזעץ דאָרט קאָלאָניען,
בעארבייט איהר זעלבסט מיט דיין האַנט.
זי איז פרוכטבאר און פעט מיט אלע יונגע קרעפטען,
צוויי מאָל א יאהר ווערט געזעהט;
הכנסה טראָגט זי, ווי די בעסטע געשעפטען,
און רוהיג, די קאָפּ ניט פערדרעהט;
דער קלימאַט א געזונטער,
מאכט פריש און מאכט מונטער,
קיין ברוסטליידענדע טרעפסטו דאָרט ניט;
פערזעע נאָר איהר באָדען,
פערפלאַנץ אין איהר סאָדען,
טראָגט זי דעם גרעסטען פּראָפיט.
דארפסט זיך ווייניג בעמיהען
מיט שאָף צו ערציהען;
דאָס פעלדער איז גרין דעם גאנצען יאָהר,
און אז פּראָדוקט איז פאַראַנען
און עס סטרויען זיך באהנען,
דאַן שטייגט אויך קאָמערציע אין פלאָר.
טאָ קוקט זיך ארום, אַגראָנאָמיע גיב א פרעג!
ביזט, מיין פאָלק, צו ווייט פערקראָכען פון וועג!

8

שוין צייט אז דו זאָלסט אויף דיין הארצען פערשרייבען,
וואָס אייראָפּע האָט איבער דיר צו טהאָן:
גזירות, בלבולים, רויבען און טרייבען
און אלץ מיט איהר ציוויליזאַציאָן.
דער האַנדעל איז פאלש און עגאָאיסטיש,
אין איהם זיצט א רויבער-געפיהל;
די גרעסטע רציחות מיט יושר פערמישט עס, —
שעכט מענשען איידעל און שטיל...
דיין נאַטירליכע פאַנטאַזיע
שטימט נאָר מיט אַזיע;
דאָרט שווימסטו אין דיין געבאָרענעם טייך...
די לופט, די אַטמאָספערע,
דיין בילדינג, דיין לעהרע, —
וועט ניעמאלס מיט האנדעל שטעהן גלייך; —
דיזע צוויי נעמען
זענען צוויי עקסטרעמען,
פאר דיר איז אין האנדעל קיין אָרט;
דעם האַנדעל לאָז איבער,
און קלייב זיך אריבער,
וואו דיין צוקונפט ערוואַרטעט דיר דאָרט. —
טאָ קוק זיך ארום, „טאַנקרעד“ גיב א פרעג!
צוריק, מיין פאָלק, צוריק אויף דיין אלטען וועג!

1887

---

## די לבנה

איהר אָנבליק אויף אונזער ערד.

1

צווישען די שטערען, די מיליאָנען פּלאַנעטען,
וואָס שוועבען און פליהען, אין אונבעגרענעצטען פּלאַץ,
צווישען די זונען, מיט די טויזענדער קאָמעטען
וואָס קיינער דערגעהט ניט זייער מאָס, זייער שאַץ;
צווישען די אלע, בעמערק איך א שטערען,
גרויס ווי א פויסט „די ערד“ רופט מען דאָס;
אויף דעם קליינעם קערפּער קריכען דאָרט מילבען,
זיי רופען זיך „מענשען“, איך ווייס ניט פאר וואָס?
דען שוואַך זיינען זיי ווי א פליג;
און לעבען א גאנץ קליינע צייט,
פערברענגען די ווילע אין קריעג,
אין קנאה, אין שנאה, אין שטרייט;
דער שטארקער דעם שוואכען בערויבט,
ניטאָ גאָר קיין יושר ביי זיי —
איך וועה פון די קולות פערטויבט,
פון די טויט-קרעכצען מיט דעם געשריי!

2

נאָך איידער דער ערד-קויל, איז געווען בעזעסען,
ווען עס וואַר קיין ים, קיין באַרג, קיין בוים,
ווען זי וואַר א קויל פייער, און דער וואָלקען פלעגט איהר לעשען,
בין איך שוין געפלויגען מיט איהר גלייך אין רוים.
פון איהר ערשטען מענשען איז שוין ארויס א קין,
וועלכער האָט פערגאָסען זיין ברודער'ס בלוט;
און הבל'ס גוואלדען הער איך ביז איצט שרייען,
ווייל די קינדער געהען אין זיין מארשרוט.
וואָס איך זעה זיך אָן פון די דריי:
פון ליעבע, פון כבוד, פון געלט,
נאָך זיי געהט האמבאָג, מערדעריי,

און מאכען נאר חרוב די וועלט!
דער דערשלאגט דעם מיט זיין פען,
דער טאקע פראסט מיט דעם שווערד
איך מוז עס געהן נאהענט און זעהען
מיט בלוט ווי מען פארבט עם די ערד!

3

וואס איך זעה ביי די מילבען, זייט טויזענטער יאהרען,
זיי קענען זיך ניט צוטיילען מיט א פרייע שטיק ערד;
דאן זיינען ריטער און קעניגע געווארען,
עראבערען פעלקער, דורך ביקס און דורך שווערד;
די ווערען פרינצען, די אונטערטאנען,
איבער טויזענדער לייבקנעכט — א י י ן אריסטאקראט;
דער איינער אויף לוקסוס, פערשווענדעט מיליאנען,
די הארעווען און שאפען — און קיין ברויט ניט צו זאט!
אין איין לאנד וואס איך זעה זיך אן
וואס דארטען צוטהוט א טיראן:
בעשאפט זיך אנ׳אינקוויזיציאן,
בלוט פלייצט דארט ווי פון א קראן,
די בעסטע לייטע ווערען געשטיקט,
דאמען ברייננגט ער אין גרויס נויט;
נאך סיבירען ווערען זיי פערשיקט,
און לאזט זיי פערשמייסען אויף טויט.

4

דארטען צוקריגען זיך צוויי דיפלאמאטען:
מען האט מיט א ווארט זיין קייזער בעריהרט,
ווערט פלוצלונג „נאבארען“ א קינד פון א טאטען,
מיליאנען ווערען דארט צום שלאכט־פלאץ געפיהרט,
דארט שניידט מען מענשען גאר אהן רחמנות,
דארט קייקלען זיך קעפ, די בלוט איז נאך הייס,
דארט קלאגען יתומים, דארט שרייען אלמנות,
דארט זעטיגען זיך פייגלעך מיט זייער טאטענס פלייש!
די הרוגים צעווארעמט די זון,
דען ווער וועט עס קוקען אויף זיי?!
די לופט ווערט פערדארבען דערפון,
עס צעלייגט אין שטעדט מענשען ווי היי!
וואס האסטו מיך גאט איינגעבויגט,
איך מוז געהן אזוי נאהענט צו דר׳ערד?
איך זאל זעהען ווי עס ווערט דא צעלייגט
א האלבע מדינה פון שווערד! —

5

איך קען עס אויך ניט צוזעהן די גרויסע רציחות
וואס א טיראן צעטהוט איצט, איבער א שוואכע נאציאן,
וואס איך געדיינק נאך איהר זיידען, איהר אדעל,
איהר יחוס
ביז דוד, ביז משה׳ן, ביז אברהם׳ען אן.
פון פרעה׳ן א ערשטען, וואס זיי האבען צעליטען!
פון כשדים, פון בבל, עמלק, ארם;
פון רוים, פון שפאניע, געברענט, געשניטען
און ביי דיעזען טיראן נאך עד היום!
דעם נאמען האט ער זיי פארשוועכט,
און טרייבט זיי ארום אויף דער וועלט,
ער גיט זיי קיין מענשליכע רעכט
און זויגט זייער בלוט, זייער געלט!
געפינען קיין רעכט אין געריכט,
וואס אונגלויבליך, קען זיי אלץ געשעהען —
איהר וואלקען פערדעקט מיין געזיכט,
איך קען די ר צ י ח ו ת ניט זעהען! —

1885

## נאך דעם נייעסטען זשורנאל

1

עס איז ארויס א מאדע ביי אידען,
צו ערציהען מיט בילדונג א קינד;
געוויס מאג דאס פאלק זיין צופרידען,
ווי עס שטייגט ביי אונז מענשען אצינד:
ענגליש רעדט ער מיט גראמאטיק,
אויך אנדערע שפראכען — א פראכט!
פיזיק, געאגראפיע, מאטהעמאטיק,
א פערגעניגען! — ווער עס בעטראכט;
נאר די מאדע געהט פארווערטס, געשטיגען,
זי כאפט רק איבער׳ן קאפ;
בכן, נעהמען עלטערען זיך קליגען,
העברעאיש אין גאנצען אראפ!
„וואס לוינט — זאגט דער פאטער — צו מוטשען
„דאס קינד צו א געשטארבענער שפראך?
„ואס האבען מיר דען פאר א נוצען
פון העברעאיש, — פון גאנצען תנ״ך?“ —
לסוף פרעמד בלייבט ער פון זיינע ברידער,
פון זיין היסטאריע, פון אידישען כלל,
פערשטעהט קיין ווארט ניט אין סידור, —
גאר נאך דעם נייעסטען זשורנאל!

2

אויף דער וועלט איז ארויס א לעהרע,
די פרויען צו שוינען א סך;
צו שעצען זיי, — געבען זיי עהרע,
ווייל זיי זיינען צערטליך און שוואך.
געוויס מוזען מיר זיך בעמיהען,
צו געבען די דאמען דאס רעכט,
ווייל זיי טראגען, זיי האבען, זיי ערציהען
דעם גאנצען מענשען־געשלעכט;
נאר די מאדע מוז נייעסען אויסטראכטען,
לעגט זי פאר איהר נייעם פלאן:
„וואס דארפען מיר די דאמען אכטען?
„וואס נוצען ניט צו א ראמאן?“ —
די פרעמדע, די יונגע, די שעהנע,
זיי טראגט מען פראסט אויף די הענט,
און צו די אייגענע, די אלטע, די געמיינע,
צו זיי ווערט קיין בליק ניט געווענדט;
די ווייב זיינע שעצט ער פאר לייטען,
אין דער שטיל אבער בעקומט ער איהר גאל:
צוקיילט איהר, צובייטלט איהר די זייטען, —
גאר נאך דעם נייעסטען זשורנאל!

3

עס איז ארויס א מאדע צו פרעגען
ביי דער מיידעל אויף איהר פארטיי —
אויב דאס איז ניט איהר ווילען דאגעגען,
אויב זי שטימט איין אויך דערצו. —
געוויס האט עס נאריש געגעבען,
אז דער פאטער האט געטהאן וואס ער וויל,
דען זי נאר דארף מיט איהם לעבען,
און לעבען איז א הערצענס־געפיהל;
נאר די מאדע לעגט פאר נייע פלאנען,
אז ביי פאטער פרעגט מען שוין נישט.
לעזט זיך אן מיט שונד ראמאנען,
און געפינט דארט וואס איהר הארץ געלוסט.
מיט דעם מיינונג זוכט זי א חתן,
און ווערט באלד געפאנגען אין פלען, —

פון ליעבע איז די אויגעלעך פערגאַסען,
קען זי שוין דעם תכלית ניט זעהען.
ער פערשטיקט איהר אטמאַספּערע,
ביז ער דערגרייכט איהר די גאַל, —
ער בערויבט איהר, איהר געלט מיט איהר עהרע,
לאַכט איהר אויס — נאָך דעם נייעסטען זשורנאַל!

4

אַמאָל ווען די בילדונג נעהמט קלינגען,
דער איד כאַפּט זיך אויף פון זיין שלאָף,
האָט דאַמאָלסט מיין האָפנונג געשפּרונגען, —
דאָס יודענהאַס נעהמט שוין א סוף!
אַ וואַנט וועלען מיר האָבען פון אייזען,
בעשיצער פאַר אונז אַלערליי,
וועלכע וועלען פאַר לייטען דערווייזען,
אַז דער איד איז ניט ערגער פון זיי;
נאָר די מאָדע האָט ניעמאַלס קיין גרענצען,
זי לויפט פאָרווערטס, — ווערט גאָר ניט מיעד!
טרעפט שוין ביי אונז זעלכע מענשען,
וואָס האַסען זעלבסט דעם נאָמען „איד“...
פון אַהלוואַרד איז ער זעהר צופרידען,
פון אַלע זיין גלייכען געוויס.
אַז מען לאַכט אין טהעאַטער פון אידען,
פלאַסקעט ער „בראַוואָ!“ און „בים!“ —
וואו עס שמוצען אַנטיסעמיטען
דאָס יודענטהום אין פּרט און אין כלל,
מוז ער זיין הייפעל צושיטען,
מיט די שמוץ פון דעם נייעסטען זשורנאַל!

5

אין אַזיע פלעגען די פרויען,
פערררעכענט זיין ווי א שקלאַפין,
אין האַרעם פערשפּאַרט — ניט צו שוינען
פון די אָרימע ביז קעניגין.
אַמעריקא האָט ערקלערט שעהנער
מיט איהר ציוויליזאַציאָן, —
אַז פרויען זאָלען האָבען ווי מענער,
גלייכע עמאַנציפּאַציאָן;
נאָר די מאָדע קען אויף איין אָרט ניט זאַמען,
לויפט און מעסט מיט ריעזען־שפּאַן,
טרעפט שוין אַזעלכע דאַמען,
וואָס הערשען שטאַרק איבער דעם מאַן.
איהרע ווינשונגען זענען פערשיעדען,
אַכטעט ניט זיין אידעאַל! —
ניעמאַלס שטעלט ער איהר צופריעדען,
פערשווענדעט נאָר זיין קאַפּיטאַל;
טרעט אויף איהם ווי איבער שמאַטעס,
שקלאַף איז ער מעהר אַלס געמאַהל,
און ליעגט ביי איהר אונטער די פּיאַטעס, —
גאָר נאָך דעם נייעסטען זשורנאַל!

6

אַמאָל פלעגט דער איד לערנען מוסר
פון „חובת הלבבות“ גאַנץ אָפּט,
די ווייב זיינע — פון „קב הישר“,
און מיט דעם אויך די קינדער געשטראָפט.
ניט לאַנג דאָ געפינט ער א היתר,
ער וועט שעפּען פון א זיסערען קוואַל, —
ער וועט ליעבערים בעזוכען טעאַטער,
פון דראַמען אויף „אָפּערע בוף!“
נאָר די מאָדע לויפט פאָרווערטס אריבער,
זי שטייגט ארויף און ארויף!
כ׳לעבען, מיין אידעל געהט איבער
פון דראַמען אויף אָפּערע בוף!
אויף אָפּענבאַך׳ס אָפּערעטקעס,
בעזוכט אויך גאַנץ אָפּט א באַלעט,
פון באַלעט צו שאַנסאָנעטקעס,
אַבאָנירט זיך א סיזאָן בילעט!
אין קלוב געהט די ווייב אָהן דעם מאַן,
און גאַנץ אָפּט אויף א מאַסקען באַל,
און טאַנצען זיך פּאָוואָלינקע קאַן־קאַן, —
גאָר נאָך דעם נייעסטען זשורנאַל!

1886

---

# די קאָנטראַסטען

1

איין כלל איז בעשטימט, ווער עס האָט נאָר געלעזען,
אַ כלל אין נאַטור און אין לעבען:
צוויי געגען־עקסטרעמען זאָל זיין אין איין וועזען,
דאָס קען פאַר קיין פאַל ניט געבען;
פייער מיט וואַסער, זויער מיט זאָדע,
ווערמע מיט קעלט זאָלען שטימען;
עס ווערט א מלחמה, א שטרייט מיט הכבדה
ביז איינס מוז דאָס צווייטע בייקומען.
וואונדערבאר איז דער איד, ער בעזיצט דעם קאָנטראַסט,
איהר געפינט אין איהם צוויי פּאַראַלעלען,
ווי פון פייער מיט וואַסער, וואָלט ער זיין פערפּאַסט,
ווי אין זיין איין קערפּער וואָלטען לעבען צוויי זעעלען.
דער איד איז אַן אייביגע חדה,
קיינער ווייס ניט דעם בעשייד,
זיין יעדערע איינציגע מדה
בייט אַלע ווייַלע איהר קלייד.
די פּסיכאָלאָגיע
גיט זיך פיעל מיה,
זיינע כוחות הנפש זעהן טיף,
און וואָס מעהר מען קלערט
זעהט מען פערקערט,
אַז מען האָט גאָר פון איהם קיין בעגריף;
ווי קענען צוויי עקסטרעמען אין איינעם זיין געמישט?
טרוי מיר מיין פאָלק; איך פערשטעה דיך נישט!

2

ניטאָ קיין נאַציאָן ווי דער איד אויף דער וועלט,
וואָס זאָל אזוי פיעל הכנעה פערמאָגען,
וואו ער געהט, וואו ער שטעהט, קיין בזיונות איהם פעהלט
און ער קען עס אַלעס פערטראָגען;
„זשיד“ און „איסכרענאָס“, אָבער און ווידער,
זידלען און שימפּפען און שפּאָטען,
ער בויגט איין דעם קאָפּ און ער מאַכט ניט קיין גערודער,
ווי ער וואָלט זיין פון ליים געקנאָטען;
טאָ ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאָנטראַסט
וואָס אין שול קען מען איהם ניט האָווירען?
חמישי און אחרון פאַר איהם רק ניט פּאַסט,
היינט צו „אתה הראת“ און צום גבאי פיהרען?...
ביים ספר צו שטעהן מיט׳ן טייטעל —
אָט דאָ איז זיין וועלט און זיין גליק,
גבאות איז זיין עהרע קוויטעל
כבוד אויפ׳ן זאָלאָטניק.

און בעריהרט איהם א האר,
ווערט שוין א ספאר
און פעטש און בזיונות אז ס'קלעקט;
אין די סודען ווערט פול,
מען פער'חתמ'ט די שול
און די גאנצע נאציאן ווערט פערפלעקט.
הכנעה מיט גאוה ווי קען דאס זיין געמישט?
טרוי מיר מיין פאלק, איך פערשטעה דיך נישט!

3

ניטא קיין נאציאן ווי דער איד אויף דער וועלט,
וואס זאל קענען אזוי לעבען עקאנאמיש,
פיהרט זעהר שפארזאם זיין הוצאה געלט,
מען דערהאלט נעבאך קוים די נשמות;
אויף תאוות, הולטייען, אויף שיכרות, אויף קארטען,
ווי לייט אפט פערשפילען נחלאות,
זונטאג קאסט לייטען אין שיינק מעהרער דארטען
ווי דעם אידען'ס אכטאג הוצאות;
טא, ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאנטראסט
אויף קליידער פיעל געלט אויסצוברייננגען?
איבער די קרעפטען צו שלעפען א לאסט,
אין שווערען לוקסוס זיך אנצושטרייננגען?
דעם אביונ'ס, דעם קבצנ'ס א מיידעל
געהט שבת אין זיידענס ארויס,
בעפוצונג צו יעטווידער קליידעל,
אז זיין ביסעל מארך צאפט עס איהם אויס.
מען צאהלט וואכער-געלט
און קיין מאדע פעהלט,
קיין שירעם, קיין האנדשוה, קיין הוט,
מען קוקט רק ארויף,
און פרובט שניידט עס אויף,
טריפט דארטען דעם פאטער'ס בלוט.
שפארזאם און לוקסוס, ווי קען עס זיין געמישט?
טרוי מיר מיין פאלק! איך פערשטעה דיך נישט!

4

ניטא קיין נאציאן ווי דער איד אויף דער וועלט
וואס זאל אזוי פיעל רחמנות בעזיצען,
אלערליי וואהלטהאטען איז פול מיט זיין געלט,
איהם זעהט מען אלעמען שטיצען:
א נשרף, א מגיד, א יחסן מיט עניוות,
קבצנים פון מזרח, פון צפון,
א טאג פאר א קלויזניק, ברויט אויף ישיבות,
וועך עס בעט, איז זיין האנט אפען;
טא ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאנטראסט
די אכזריות געגען זיינע קאלעגען?
ווען יענער באנקראטירט, איז ער פון פרייד
איבערראשט,
ווען יענעמס שטיבעלע ברענט, זוארעמט ער זיך
אנטקעגען.
איין איד זאל דעם צווייטען בעגראבען
זעהט מען מעשים בכל יום,
מען זוכט נאר דעם חבר אויסהאבען,
שטיל אונטערשניידען דעם בוים,
און ביי וועלכע נאציאן
זעהט מען דאס אן,
מסרים אויף יעטווידער טריט,
צי אפען, צי שטיל,
צי א פאסקוויל,
דער דאנאס צי איז אמת, צי ניט.
רחמנות און אכזריות, ווי קען עס זיין געמישט? —
טרוי מיר מיין פאלק, איך פערשטעה דיך נישט!

5

ניטא קיין נאציאן ווי דער איד אויף דער וועלט
דאס פאמיליען-לעבען זאל אזוי פערעכטיג גלאנצען,
ער גיט איבער זיין ווייב, זיין הארץ און זיין געלט;
זי גיט זיך אויך איבער אין גאנצען.
קיין פאלשקייט, קיין אוס-טריי, קיין פרעמדען ניט
ליעבען,
קיין סמ'ען א מאן ווי ביי לייטען,
דעם א י י נ ע ם וואס זי האט איינמאל
אויסגעקליבען
וועט זי איהם אויף קיינעם ניט פערבייטען.
טא ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאנטראסט,
אז ביי א שדיוך זאל נאר געלט עקזיסטירען?
מיט נדן און מיט קליידער, צו לעגען א לאסט,
אז איהר איז אונמעגליך דאס אויסצופיהרען.
פריילינס גיט אונטער אידען,
וואס קענען בעגליקען א מאן,
זיין לעבען וואלט זיין העכסט צופריעדען,
שטערט איהר די ווענינ נדן.
דאס הארץ ווען זי גיט.
טא וואס זוכסטו פראפיט? —
וואס שפיעלט דא א ראלע די געלט?
פאר די גאבע פון גאט
ווי קומט דא ראסטשאט?
זי פערזיסט דיר דיין לעבען, דיין וועלט.
ליעבע און ראסטשאט, ווי קען דאס זיין געמישט?
טרוי מיר מיין פאלק, איך פערשטעה דיך נישט!

6

ניטא קיין נאציאן ווי דער איד אויף דער וועלט,
וואס זאל אזוי פיעל חברות גרינדען,
אין די קלענסטע שטעדטעל, קיין צעהן חברות פעהלט,
דער איד איז אין אלע פערבונדען.
הכנסות אורחים, חונן דלים, תלמוד תורה, קברנים,
עין יעקב און הכנסת כלה,
ביז עס שרייען אין צייטונג די אידישע שונאים,
אז ביי אידען איז דא א „קאהאלא“.
טא ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאנטראסט,
אז פאר דעם כלל וויל נאר קיינער ניט דאגה'ן?
מען זאל מאכען תקנות, מען זאל ניט טהאן וואס ניט
פאסט,
איז מען צאן קדשים, נאר ליגען און שווייגען?
אזוי א סארט פירוד לבבות,
זעהט מען ניט ביי קיין נאציאן,
דער איד קען נאר געבען נדבות,
אליין אבער וויל ער נישט טהאן.
רבנים פאר זיך,
זיינען ביי זיך א „איך“,
מען קוקט נאר: „מען טאר ניט, מען מאג,“
און דער גביר זאגט: „גלויבט מיך,
איך האב ארבייט פאר זיך“,
און דערווייל פאלט די אומה פון טאג!
געבונדען און צושיידען, ווי קען עס זיין געמישט?
טרוי מיר מיין פאלק, איך פערשטעה דיך נישט!

7

ניטא קיין נאציאן ווי דער איד אויף דער וועלט
מיט די צניעות פון זיין משפחה.
א אידישע מיידעל זיצט אין געצעלט,
ערציהט זיך מיט די שטרענגסטע השגחה;
א לעהרער, א הויז-פריינד, אן אפטער איינגעהער,
מיט חשד-אויגען קוקט מען אויף ביידען,

זיין וואָרט און זיין מינע, בעאָבאַכטעט מען זעהר,
וואָס זייטיגס מיט איהר ניט צו ריידען.
טאָ ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאָנטראַסט,
אַז ווי ער הייסט איהר אַ קרעמערקע ווערען,
אַבי ווער עס רייכט די האנט, און א וואָרט וואָס ניט פּאַסט,
און מיט סחורה אויף סטאַנציעס, און זאָל איהר ניט
שטערען ?

וואו איז שוין די צניעות, די בושה,
הערט ווערטער וואָס קריכען פון האַלז,
„וואָס טהוט מען ניט צוליעב פּרנסה ?“
אָט דאָס איז זיין תירוץ אויף אלץ.
און בעריהמט זיך אין שטאָדט
וואָס פאר א טאָכטער ער האָט,
„ביי פּריצים איהר חן אָהן א שיעור“
און עס ווערט ניט בעקלערט,
ווי פערדאָרבען זי ווערט,
און דער פאָטער איז דער מערדער פון איהר !
צניעות מיט פּריצות, ווי קען עס זיין געמישט ?
טרוי מיר מיין פאָלק, איך פערשטעה דיך נישט !

8

ניטאָ קיין נאַציאָן ווי דער איד אויף דער וועלט
זאָל אזוי שעצען זיין טהייערעס וועזען ;
פאר זיין אמונה, זיין בלוט איינגעשטעלט,
פאַר איהר זיך נאָר מקריב געוועזען,
ליידען און צרות, וואָס ניט אויסצוזאָגען,
ביי פּאפּסטען מיט ויכוחים געשטריטען ;
ער האָט מיט געדולד אלעם איבערגעטראָגען,
דעם  א י י נ ס  אויף דעם  ד ר י י  ניט פערביטען.
טאָ ווי קומט עס צו איהם, פונקט דער קאָנטראַסט,
אַז ווי ער הויבט נאָר אָן פרייהייט צו שפּירען,
פאַלט איהם באלד זיין אמונה אזוי פיעל צו לאַסט.
זוכט מיט כונה זיין „יוד“ צו פערלירען ?
אין בבל, צייט זיעבציג יאָהרען,
האָט ער שוין פערגעסען זיין שפּראַך,
מיט פרעמדע א חתן געוואָרען,
און אין שפּאַניען די זעלביגע זאַך.
און אָט די לעצטע צייט,
בעמערקט נאָר ווי וויַיט
ישראל פערקריכט אויף די ווענט ;
אַז ווען ניט דער גליק,
וואָס מען שטופּט איהם איצט צוריק,
וואָלט איהר איהם שוין ניט דערקענט.
אמונה און כפירה ווי קען עס זיין געמישט ?
טרוי מיר מיין פאָלק ! איך פערשטעה דיך נישט !
1886

---

## משה מיט זיין דור

אָה משה ! דו ביזט ערהאבען גרויס,
יעדער טריט פון דיר האָט וויַיט געשיינט ;
פון פּאלאַץ ווי דו ביזט נאָר ארויס
טרעפט דיר, וואס דיין פאָלק טרעפט ביז היינט.
דיין ערשטער ארויסגאנג,
אַלס יונגלינג פון אָנפאנג,
דערזהעסטו א אידען מען שלאָגט
אָהן א פּריטשינע,
נאָר פּשוט פון שנאה
ווייל ער נאָמען  א י ד  אויף זיך טראָגט ;
און אויף מאָרגען ווידער,
דערזעהסטו צוויי ברידער
פון דיין פאָלק ווי זיי קריגען זיך,
צאַנקען זיך, רייסען זיך,
שלאָגען זיך, בייסען זיך,
שטראָפסטו זיי, מסר׳ט מען דיך.
פון יענעם וויעק
איז שוין אוועק
פיערטהאלבען טויזענד יאָהר ;
ווער עס גיט א בליק
אויף דיין אומגליק
קומט איהם נאָר די צוויי פאָר :
פון  מ צ ר י  טרעפט קולאַקעם
מען שעדיגט איהם זיין גוף ;
ביי  א י ה ם .זעה איך דראַקעם,
מחלקות הערט ניט אויף,
נאָר קריעג
מיט זיעג
איז ביי איהם פון משה׳ן אָן,
פאַרמעג
מיט טעג
פאַרשפּיעלט ער דאָ אין קאָן.

2

אָה, ווי גרויס איז דער אומגליק פון א שיף,
ווען זי ברענט אין מיטען ים,
די וואסער אונענדליך, ברייט און טיף
און זי אין מיטען ברענט אין פלאַם !
אָט דאָס איז דיין לאגע,
דאָס איז — יודענפראגע,
אַ פראַגע ווי רעטעט מען דיר ;
פון דרויסען דער וועלענרויש,
אין שיף דער פלאקער גרויס,
טויט שרעק אין שטוב און ביים טהיר !
די אנטיסעמיטען
ווי די פּאַראַזיטען,
טרינקען ווי וואסער דיין בלוט ;
ביי דיר אין די דירות
איז קריג און מסירות,
זעהסט ניט וואָס ארום דיר זיך טהוט :
עס טרעפט גאנץ אָפט
ער ווערט געשטראָפט
פון דעם מצרי׳ס האַנט,
נאָר דורך דעם
ווייל פון עם
וואַקסט דער אינטריגאנט :
מיט מסירות דעם כלל בעגראָבען,
שרייבט ער מיט זיינע הענט,
אין צייטונג ביי יודעפּאָבען
איז ער קאָרעספּאָנדענט.
מען קען
איצט זעהן
דתן און אבירם,
קוקט איין
פאר׳ן שיין,
זיי לעבען עד היום.

3

אָה משה, ווי האָכמוטיג דו ביזט!
קיין הינדערנים האלט ניט אָפּ דיין וועג;
די וועלען ווי טהורעמס אויף דיר פליסט
און דו שווימסט מיט מוטה צום ברעג!
ביים סנה, גאָט הייסט משה'ן
ער זאָל געהן קיין גושן,
קלייבען מיט זיין האַנט אליין
פון אידען די פיהרער
מנהיגים, רעגירער,
מיט זיי פאַר פרעה'ן צו שטעהן,
לסוף אהין געהענדיג,
ביים פלאַץ שטעהענדיג,
ער וויל אין הויף אריין געהן,
ער זוכט זיי די זקנים,
ניטאָ זיי קיין איינעם,
געלאָזען איהם איינעם אליין.
פון יענער צייט,
גיט זיך א בייט
ווי פיעל טויזענד יאָהר;
און ביז אהער,
דער כאַראַקטער
איז גלייך צו יענעם דור;
ביי זיך אין קהל-חדר
הערט מען דעות פיעל,
קומט אוים מען דאַרף א ריידער
צולויפט מען אין דער שטיל;
אין שול
איז פול,
מנהיגים אָהן א צאָהל;
וואָס טהאָן
פאַר די נאַציאָן
אנטלויפט מען ווי אַמאָל.

4

אָה משה, ווען דו לייגסט זיי פאַר א לאנד
צו לעבען פון בעאַרבייטען די ערד
איז פון אָרעמען, צו סאַי פון רייכען שטאַנד
ווערען דיינע ווערטער ניט געהערט;
די שוטרים פון גושן
זיי שרייען צו משה'ן:
„דו מאַכסט אונז פאַר פרעה'ן צו שאַנד,
מען וועט אונז פעראַכטען,
ווען מיר זאָלען טראַכטען,
אין גושן — פון אַן אנדער לאַנד".
דאָס פאָלק די געמיינע,
הערט ניט די רייד זיינע
— פון ארבייט פון שווערער געמיהט —
בכן אי דער דעמאָקראַט,
אי דער אריסטאָקראַט
הערען גאָר זיין עצה ניט.
ביי דיזער צייט,
די רייכע לייט
געפעהלט ניט דיזער פּלאַן;
ווייל דורך דעם,
האַלט מען עם
פאַר אַן אונטריינען אונטערטהאַן
צום פעבעל מען נעהמט ריידען:
„קוקט ברידער אהין!"
פון דחקות און פון ליידען,
קריכט זיי ניט אין זין!
הכלל, —
איבעראַל,
אויף יעדער טריט און שפור
זעהט מען
אין עם
פון דאַמאָלס זיין נאַטור.

5

אָה, מיין פאָלק! דו ביזט ערהאַבען גרויס!
דו ביזט אויף אייביג פעסט געשטעלט;
פון דיינע פעהלער זעהט מען אויך ארויס,
אַז דו בלייבסט אונשטערבליך אויף דער וועלט.
ביי וועלכע נאַציאָנען,
קען מען דערקאָנען,
פון פיער טויזענד יאָהר א נאַטור?
דאָס פאָלק ווערט דאָך עלטער,
אי שוואַכער אי קעלטער,
עס בלייבט ניט פון יוגענד קיין שפור;
און דו האָסט דיין יוגענדזאַפט,
ביזט פול מיט לעבענסקראַפט,
ווי אין דעם מדבר אַמאָל;
אויף דיר קומט קיין עלטער ניט,
דיין יוגענד אייביג בליהט,
סאַי דו וואַקסט אויף בערג, סאַי אין טהאָל.
אָט דיזער שבר,
איז נאָר דערפאַר
ווייל דו היטסט אין דיין שטאַם גוט;
פון משה'ן אָן
איז די נאַציאָן
ריין פון פרעמדע בלוט,
מיט פעלקער זיך זיין מתחתן
געפינט איהר ניט ביי עם,
ער וויים זיין טאַטענס-טאַטען
ביז יעקב פון שכם;
דעם דור
המדבר
זעה איך אין דיר יעצט,
דיך בייט
קיין צייט
יונג בלייבסטו ביזט לעצט!

1888

---

## דער חילוק

1

הונדערטער יאָהרען זיינען אוועק,
קיין ענדערונג האָט ניט געגעבען,
פונקט ווי דער זיידע לעבט אין אַלטען וויעק,
אזוי פלעגט דער אייניקעל לעבען;
אין אונזערע יאָהרען
איז נייעסען געוואָרען,
געביטען דעם פיהרונג אין גאַנצען:
אין מסחר, אין חדר,
אין בילדונג, אין קליידער,
רק נייע מנהגים פערפלאַנצען.
נאָר אויב דאָס איז שוין דער פיהרונג וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אָסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

2

פערצייטען דער לעבען, ווי בענוגענד, ווי שטיל —
אין דירה, אין עסען, אין קליידען,
די אויגען פון מענשען פערלאנגען ניט פיעל,
גליקליך ווי אדם אין גן־עדן;
היינט שלעפט מען דאָס יאָך,
די געזינט בעט רק נאָך,
דאָס קלעקט ווי אין ים אַ טראָפּען...
יעדער טאָג איז אַ טאָרג,
אויף אַ נייעם סאָרט זאָרג,
ביי נאכט דרעהט די קישעלע צו קאָפּען.
און אויב דאָס איז די גליקען וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

3

אַמאָל האָט אַ אינגעל אַ ביישפּיעל געהאַט,
פון פאָטער׳ס מנהגים און סדר;
גלויבען און מדות, פאָלקס־שטאָלץ און שטאָט,
זעהענדיג אין שטוב און אין חדר;
היינט ציילט מען דערויף,
צו פערזאָרגען זיין גוף,
מען קוקט ניט זיין גייסט צו דערהויבען, —
דאָן קומט ארויס,
אַ דור וואָס דורכאויס,
אָהן פאָלקס־ליעבע, אָהן זיטען, אָהן גלויבען.
און אויב דאָס איז די ערציהונג וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

4

פערצייטען אַ ווייבעל האָט נאָר געוואוסט בלויז
צו זיין דעם מאַן איבערגעגעבען:
ערציגען די קינדער, געווירטשאַפט אין הויז, —
ווי גליקליך וואָר זייער לעבען!
היינט ווערט פערבראַכט,
איהר טאָג מיט איהר נאַכט,
מיט מענער, געסט, יונגע און שעהנע...
פון די בעלער הוטשאַק,
גלייך אויפ׳ן קאַטאַק, —
צום מאַן איז זי פּשוט אַ שכנה.
און אויב דאָס איז שוין די דאַמע וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

5

פערצייטען, אַ קלויז מיט תורה וואָר פול,
בעלי־בתים ביים שיעור געזעסען,
געלערענט, געדאווענט, געגעכטיגט אין שוהל,
דער פונק איד זאָל זיך ניט פערלעשען;
היינט זינגט אַ כאָר,
דער עולם שוויגט גאָר,
כלי־קודש אין שוואַרצע קאָסטיומען;
די „שטעט״ שטעהען פוסט,
דער בעל־הבית האָט קוים לוסט,
יום־כפור אין שוהל נאָר צו קומען.
און אויב דאָס איז די קדושה וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

6

פערצייטען, פינף הונדערט גילדען נדן,
האָט געגעבען די גרעסטע אַסאַבע,
געקליבען אַ געראַטענעם, אַ עילוי, אַ מאַן,
און צוויי קליידלעך אין גאַרדעראָבע;
היינט ווערט מען גראַה,
ביז מען דערלעבט די שעה,
צו קאָנען איהר גלייכען דערקריגען;
איהרע קליידער נעהמט צו,
זיין געלט און זיין רוה,
ער שרייבט און שרייט, ביז ער ווערט אנטשוויגען...
און אויב דאָס איז אונזער נחת, וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
א סור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

7

פּארצייטיגע דורות, ווי געזונט און ווי רויט,
צום טייוועל זיך ניט אָפּגעגעבען,
דעם מענשענס אָרגאַן פלעגט זיין פעסט געבויט, —
ווי געזונט און ווי לאַנג וואָר דאָס לעבען!
היינט צו דרייסיג יאָהר,
ווערט גראָה די האָר,
קיין ציינער ניט אויבען, ניט אונטען;
דער — נערוואיש, דער — דאַר,
דער — אַ מאָגען־קאַטאַר,
פּרוואוט קריעגט היינט אַ מענשען אַ געזונטען.
און אויב דאָס איז דער פּאָרשריט וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

8

דער מתמיד פלעגט האָבען נאָר איין אָבאָראָט,
צו לערנען און נעמען די „סמיכות״,
אַ רב פלעגט ער זיין נאָר איינער אין שטאָט,
איינער אין כבוד, אין יחוס;
היינט זעהט מען אין שטאָט,
דאָקטוירים אָהן שטשאָט,
כמעט באלד שוין מעהר פון חולאים,
מען פאָהרט נאָך אָרויס,
איבער שטעטלעך דורכאויס,
ווי די בעלי־תפלות אויף ימים־נוראים.
און אויב דאָס איז דער שטודיום וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

9

פערצייטען, געשעפטען שטעהען געזונט,
קיין שטורעם־ווינט פלעגט זיי ניט ריהרען;
מיט אייגענע קאפּיטאלען געבויט זיי פון גרונט,
און דורות פלעגען זיי עקזיסטירען.
היינט ווערט עס געשטעלט,
אויף פרעמדע געלט,
די פערדיענסט געהט אוועק אויף פּראָצענטען,
מיט טערמינען, מיט ביינק,
אַז אַן דער זייט אַ גלייגק,
פאַלט דער דאָקטאר מיט די פּאַציענטען.
און אויב דאָס איז דער מסחר וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלוינט!

10

פּערצייטיגע יאָהרען, אַ גביר אין אַ שטאָט,
האָט געהאַט אַן אלמער מיט ספרים,
מיט צדקה צו לייטען, מיט פרומקייט צו גאָט,
אַן אכסניא פאַר רייך און פאַר אָרעם;
היינט וועט זיך מיט מיר,
אויב ביי יענעם גביר,
וועט איהר דאָרט אַ חומש געפינען;
אויסער די קאָרטען,

שמעקט קיינער ניט דאַרטען,
קיין אידען א גראַשען פערדינען.
און אויב דאָס איז דער נגיד וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

11

פערצייטען, דעם מאַן אז א פינגער טהוט וועה,
האָט די ווייב שטארק זיך בעקימערט,
געזוכט מיטלען, רפואות, און הילף אלערליי,
זי האָט זיך דעם לעבען פעראומערט;
היינט מאַג ער זיך זיין,
אין יסורים, אין פיין,
איז זי ניט פון די פערצייטיגע נאַרען,
זי האָט זיך א כלל,
אז אויפ'ן לעצטען פאַל,
דאַרף דאָס איהר אויך גאַר ניט אַרען...
און אויב דאָס איז דער זיווג וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

12

פערצייטען, דער איד האָט אמונה געהאַט,
מיט דער האָפענונג אלץ דורכגעקראָכען,
אז עס טרעפט אַן עת-צרה, דעם כלל צי דעם פרט,
האָט איהם געראַטירט זיין בטחון;
ווי ער לאָזט עס איין,
פאַלט אין ספק אריין,
קען דאָס איהם קיין טרייסט מעהר ניט געבען,
און אז עס טרעפט אַן אונגליק,
די צייט גיט א דריק,
ענטזאגט ער זיך באלד פון זיין לעבען.
און אויב דאָס איז די השכלה וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

13

דער געמיינער פלעגט וויסען זיין גראַד גאַנץ וואויל,
א וויפ'ן גביר די אויגען ניט גלאָצען,
א זשופּעצע פון קיטיי אויף א גילדען אַן אייל,
„ראַצע-מאַרע — זאָגט ער — זאָל טראָגען דער קצין"
היינט א מיידעל מיט באָב,
איז איהר וואָהל-צייג צו גראָב,
צו פראָסט איז שוין אַטלעס — מאַנטינע;
און ווען די „שכנים" דערזעהען,
דעם שיק און דעם ברען,
פערגרעסערט עס אין דאָפּעל די שנאה.
און אויב דאָס איז דער פראָגרעס וואָס דאַרף זיין
געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

14

אַמאָל האָט דער אידעל גאַנץ איינזאם געלעבט,
צום קריסט פלעגט ער זיך ניט מישען,
ער האָט נאָר צום רובעל פרנסה געשטרעבט,
פון גאוות וויל ער ניט וויסען;
היינט איז ער כלה'ס צד...
אין קלוב, אין מאַסקאַראַד,
אויפ'ן גאַס זיין שיקאַזנע קאַרעטע,
און אז ער גיט נאָך א נעהם,
זיין „ליעבכען" ביי עס,
מאַכט שוין די שנאה א סמעטע.
און אויב דאָס איז די התקרבות וואָס דאַרף זיין געשווינט,—
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

15

אינגבער פלעגט זיין א רפואה צום בויך,
מיגענטע האָבען אלע פערשטאַנען;
די קינפעטאָרין פלעגט זופּען איהר נאַסאַטקע ווי יויך,
און א געזונטע פון בעט אויפגעשטאַנען;
היינט איז א מאָדע ארויס,
מיט די בעדער דורכאויס,
קאַרלסבאַד, עמסען, איטאַליע;
אונז איז נאָר בעוואוסט,
אז די קעשענע ווערט פוסט,
אָבער אויף העלפען איז דאָס נאָך א שאלה...
און אויב דאָס איז די נייעסען וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

16

אמאָל פלעגט דער אידעל זיין תקיף אין שטאַנד,
ווען ער האָט זיך ארום פריין געריבען,
קוויפען — פערקויפען, פלעגט געהן דורך זיין האַנט,
זיין פּריץ פלעגט איהם פשוט ליעבען;
היינט ווען ער שטודירט,
ווערט הויך אייפגעפיהרט,
ווי לאַסקער אָדער ווי קוראַנדע
און ווערט אין פאַרלאַמענט,
דעם קאַנצלער'ס קאָנקורענט,
געניסט מען קולאַקעס מיט שאַנדע.
און אויב דאָס איז די גליקען וואָס דאַרף זיין געשווינט, —
אסור, אויב אונז האָט דער בייטען געלווינט!

1883

---

## דער וועלט-טעאטער

1

אַ שעהנער טעאַטער, איז די וועלט,
די מענשען זיינען די אַקטיאָרען,
און די קאַרטינעס, וואָס ווערט פאַרגעשטעלט —
דאָס מאַהלט די צייט אונז אויס די יאָהרען.
אַמאָל שטעלט זי אונז פאַר אַ סצענע,
לוסטיג און ליכטיג אַ פּראַכט;
אַמאָל איז גאַר אַנדערס ווי יענע:
טראַגעדיעס און פינסטער ווי נאַכט.
אַמאָל איז דער יאָהר אונז אַ גרינגער,
געזונד און פרנסה און זול;
אַמאָל איז נאָר קראַנקהייט און הונגער,
ווען געשעפטען האלטען אויך שמאָל.
דען די צייט איז דער דעקאָראַטאָר
פון אונזער וועלט טעאטער,
אויף זיין סצענע טרעט יעדערער אַרויס,
איינער שפּיעלט טראַגעדיע, —
דעם גליקט און שפּיעלט קאָמעדיע,
און אלעמען גלייך טראגעדיש לאָזט זיך אויס.

2

אַ שעהנער טעאַטער איז די וועלט,
די מענשען זענען די אַקטיאָרען,
און דער שופלאַד, וועלכער זיצט פערשטעלט —
דאָס איז דער שיקזאל, זיין גליקס-שטערן.
יענער שפּיעלט זיין ראָליע גרויסאַרטיג,
דאָס פּובליקום פּאַטשט בראַוואָ ביז גאָר,
אַ בוקעט איז שוין אויך פאַר איהם פאַרטיג,
ווייל דער גליק איז זיין סופלאָר.
עס געפעלט זיין קאָמיק, זיינע דרכים,

זיין נאָמען שיינט טעגליך אין פלאַר,
מען דערלאַנגט איהם א בוקעט פון שבחים,
ווייל דער גליק איז זיין סופלאַר.
וואָס ער זינגט שעהן די סאָלאָ,
וואָס ער שפּיעלט גרויס די ראָליע,
דאָס לייענט דער סופלאַר איהם אלץ אויף פריהער ;
די קלוגע רייד די פיינע,
מיינט ניט דאָס איז זיינע,
דאָס לייענט פאַר דער גליק איהם פון פּאַפּיער.

3

און ווען איין מינוט דער סופלאַר שטעלט זיך אָפּ,
בלייבט שוין דער אקטיאָר אין ביוש שטעהן ;
דער פובליקום פייפט איהם אויס, ער פאלט פון טראָפּ,
ער וויל דער אַקט זאָל פאלען, אָבער דוקא — ניין !
אין אונזער טעאטער דעם גרויסען,
די סבות זעהט מען איבעראל,
אַז דער גליק, דער סופלאַר לאָזט איהם אויסען,
פארלירט פלוצלונג זיין קאַפּיטאל,
עס לאכען איהם אוים קינדער פון די וויעגען,
מען באפלעקט איהם זיין כבוד ווי קויט,
בעלי חובות בעפאלען ווי פליעגען
און מען בערצבעוועט איהם ביז די הויט.
ער וואָלט דאן געוועזן א בעלן
זיין פאַרהאַנג זאָל גיכער פאַלען,
דער טויט זאָל שוין מאכען זיין שפּיעל אויס,
פון מויל נעבעך שלאָגט איהם פּיענע
און מוז שטעהן אויף דער סצענע
און מוז צוזעהען ווי דער פובליק פייפט איהם אויס.

4

דער בעריהמטער שוישפּיעלער, דער פיינער אקטיאָר,
קומט אין א קאָמעדיע אלם דיענער פאַר,
און דער געמיינער, וואָס שפּיעלט זיין ראָליע שלאָף,
דער שיינט אויף דער ביהנע גאָר אָלם גראָף.
ביי אונז דאָס רוב זעהט מען דאָס גלייכען :
די ראָליע גראף שפּיעלט נאָר א פערד,
דער קלוגער מוז דיענען ביי'ן רייכען,
אַזוי שפּיעלט די קאָמעדיע אויף דער ערד.
דער קלוגער, וואָס בעזיצט כל המעלות
דאַרף דיענען פאר גאַנץ קליינע געלט
און האָט גאָר דערפון קיין התפעלות,
ער פערשטעהט די קאָמעדיע פון דער וועלט.
אַזוי פיהרט די השגחה,
דעם נאַר גיט זי הצלחה,
זאָנסט וואָלט ער פאר הונגער גיך אויסגעהן ;
ווער עס קאָן פון שכל לעבען
וויל זי דעם קיין געלט ניט געבען,
זיין שטעטעל — זאָגט זי — וועט ער זיך זעלבסט
באשטעהן.

5

אַ שעהנער טעאטער איז די וועלט,
די מענשען זענען די אַקטיאָרען ;
אויף פּיער קאַרטינעס ווערט עס איינגעטהיילט
דעם מענשענס לעבען פון געבאָרען.
שוידערהאפט איז זיין ערשטע קאַרטינע,
דער אַקטיאָר וויל פאר קיין פּאַל ניט געהן,
זי טרייבט איהם מיט גוואלד אויף דער סצענע
און ער טרעט אויף איהר ארוים מיט געוויין.
ווי ליעב איז די מוטער זיין ברומען,
זיין בראַוואָ פון פובליק איז גרויס,
מען פערוואַרפט איהם זיין סצענע מיט בלומען
און שפּיעלט זיין אַקט גאַנץ גליקליך אויס.
דערנאָך שפּיעלט ער ראָמאַנען
אין פערשידענע אַרטען, פלאַנען,
ביז עס העננגט שוין א פאמיליע אויף זיין קאָפּ,
ווערט אַלט און געהט געבויגען
ביז ער פערשליסט די אויגען
און דער אקט זיינער אין גאַנצען פאלט אראָפּ.

6

יעדער מענש איז אַן אַקטיאָר,
יעדער שפּיעלט זיין ראָליע רק פערשטעלט,
ער ווייזט זיך אוים פערקעהרט ווי אויפ'ן וואהר
און נאַר צוליעב דעם כבוד און צוליעב געלט.
דער שפּיעלט פרום, שרעקליך פערווילדעט
און אין הארצען ווערט ביי איהם גאָט אויסגעלאַכט,
און דער שפּיעלט זיין ראָליע געבילדעט
און האָט מורא פאר שדים ביי נאַכט.
פאַר די פריילין שווערט דאַרט איהר חתן,
אַז ער שטעלט איהר זיין לעבען אין קאָן
און מיינט נאַר צו בעקומען דעם גראָשען,
דען ער ליעבט גאָר אַן אנדערע פערזאָן.
און ביי דעם העננגט טויזענד שלעסער
און דער דלות איז נאָך גרעסער,
און אין דעמ'ס טראַנטעס, איז איינגענעהט פיעל געלט.
נאַר דאָס איז דער חסרון,
וואָס מיר טרויען די אקטיאָרען,
מיר פערגעסען זיך, אַז עס איז דורכאוים פערשטעלט.
1874

# די פערשיעדענע וועלט

1

איין ערד טראָגט אונז אלעמען אויף איהרע פליגעל,
איין זון בעלייכט אָרים און רייך,
די איין שטיקעל וועלט איז גלייך צו א שפּיגעל,
נאַר ניט אלעמען זעהט זי אוים גלייך.
פאַר דעם פרומען איז א יריד יעדער טאָג,
ער האַנדעלט סחורה און שלעפט אין הויז,
פאַר דעם אומגליקליכען איז די וועלט אַן אסטראָג,
ער האָפט פון איהר צו ווערען לויז ;
פאַר דעם גליקליכען איז דאָס א גאַרטען, א סאָד,
ער האָט פערגעניגען פון יעדער גראָז ;
פאַר דעם נאַרען איז דאָס א באָד,
ער הערט א טומעל און וויים ניט וואָס ;
און פאַר דעם רשע, דעם דיעב,
איז דאָס א שחיטה שטוב,
דעם מילדען זעהט די וועלט אוים
פונקט ווי א חתונה הויז ;
פאַר דעם געדריקטען זעהט זי אוים קלאָר,
ווי די שטרייט פון די פיש דאַרט אין טייך —
הכלל די וועלט איז איינע נאָר
און ניט אלעמען זעהט זי אוים גלייך.

2

פאַר דעם פרומען איז די וועלט א יריד,
פיעל ער טהוט איז איהם רק קאַרג,
ער לערענט, ער דאַוונט, קיין שלאָף נעמט איהם ניט,
דען מאָרגען איז שוין נאָכ'ן מארק ;

ער גלויבט, אַז דער לעבען איז ערשט נאָך דעם טויט
פאַר דעם, וואָס האָט גוטס מיטגעבראַכט,
און ווער עס האָט פרייטאָג ניט אָנגעגרייט,
ביי יענעם איז שבת די ליפּען פערשמאַכט;
דען נאָך דעם מאַרק איז שוין די קראַמען פערשלאָסען,
דעריבער כאַפּט ער ווי ווייט ער קאָן,
די אייגענע ציצית וואָס דאָ קאָסט א גראָשען,
קריגט ער דאָרטען ניט פאַר א מיליאָן;
אויף יעטווידער שטראַם, וואָס עס פליהט,
שווייגט ער און רעדט נעבעך ניט
וואָס האָט ביי איהם געלט פאַר א ווערטה,
אַז ער דאַרף קיין קאַרעטען, קיין פערד,
ברויט מיט וואַסער, אויב ער נאָר האָט,
איז ער שוין א גליקליכער איד -
הכלל פאַר דעם פרומען, דעם דינער פון גאָט,
זעהט אויס די וועלט א יריד.

3

פאַר דעם קלוגען איז די וועלט א חדר,
זיין רבי איז דאָס די צייט;
ספרים ליגען איהם אָפען כסדר,
דאָס זענען די מענשען, די לייט;
אַן אָפענער ספר איז איהם די וועלט,
וואָס יעדער מענש איז דאָרטען א בלאַט,
ווער עס פיהרט גוט און וועלכער עס פעהלט,
און דער קלוגער לערנט עס פון ביידען דעם פשט.
ער זעהט מענשען מען לויפט, מען פליהט,
דער נאָך בערלין, דער נאָך פאַריז,
דער קלייבט קאַפּיטאַל און דאָ לעבט ער ניט,
דער קלוגער בערעכענט אלין ווי נאַריש דאָס איז;
דער וויל ווערען רייך אין איין טאָג,
ווערט ער פערפּוילט אין אַסטראָג;
דער מאַכט זיין קינד פאַר א גביר
אויף דער עלטער צו שטעהן ביי זיין טהיר.
און דער האָט ניט פון זיין גאַנצען אבמאַן
לסוף אויף זיינע אייביגע קליידער –
הכלל פאַר דעם חכם, פאַר דעם קלוגען מאַן
זעהט אויס די וועלט א חדר.

4

דעם שוטה, דעם נאַר, זעהט אויס ביי איהם
די וועלט מיט איהר פּריראָד,
די זון מיט די שטערען, מיט זייער סיסטעם,
זעהט דאָס ביי איהם אויס א באָד;
אַז ער זעהט אין הימעל שטערען אָהן צאָהל,
וואָס יעדערער שרייט: „גאָט! ווי גרויס ביזטו!"
מיינט דער נאַר, אַז ער הערט עס פון פאַל
ווי יונים שרייען: „דאַוואַי פאַרו"...
אַז ער זעהט דעם ים, וואָס גאָט האָט בעשאַפען,
וואונדער אויף דער ערד אויף יעדער טריט,
חכמות פון מענשען, מאַשינען, טעלעגראַפען,
האַלט ער עס פאַר א בעזים, וואָס מען שמייסט זיך דערמיט.
האָט קיין פערשטאַנד צו פערשטעהן
דעם געבוי פון זיין קערפּער אליין,
ווי קינסטליך יעדער גליעד איז געבויט,
און די זעעלע, וועלכע בלייבט נאָכ'ן טויט,
פון חכמה, פון בילדונג, שטעהט ער גאַנץ ווייט,
געהט ארום נאַקעט דורכאויס,
אַז ער זעהט מען שטאַרבט, מיינט ער אַז מען שרייט:
„נאַראָנים פון באָד געהט ארויס!"

5

פאַר דעם אומגליקליכען איז די וועלט אַן אַסטראָג,
וואָס די צייט האָט איהם אין קייטען געשמידט,
דעם פרייען טויט בעט ער, ער האָפט אלע טאָג,
נאָר דער טויער ווערט דאָ שטאַרק געהיט,
אין אונזער וועלט-אַסטראָג זעהט מען פיעל ארעסטאַנטען
וואָס יעדער זיצט פאַר אַן אנדער חטא,
דעם האָט דער דלות פערצאַמט פון אלע קאַנטען,
מען משפט איהם טעגליך מיט א נייעם דעקרעט;
ביי דעם האָט פלוצלונג די געשעפטען געפּלאַצט,
פון זיין גאַנצע עשירות אַז ער נאַקעט ארויס,
זיין כבוד, זיין יחוס, האָט מען שוין אויך אָפּגעשאַצט,
די וואָס קערען די גאַסען די לאַכען איהם אויס;
דער האָט רק קראַנקהייט אין הויז,
ער וואָלט וועלען פון דער וועלט שוין זיין לויז,
אין דער איז פון שונאים פערהאַסט,
אַז דער לעבען איז איהם שוין צו לאַסט;
דער האָט זיינע קינדער פאַר די הענטלעך געפיהרט
און ווערט עלענד אין איינע פינף טאָג —
הכלל פאַר אַזעלכען, וואָס די צייט ארעסטירט,
זעהט איהם אויס די וועלט אַן אַסטראָג.

6

נאָר פאַר דעם גוטהערציגען ווערט זי בעטראַכט
פּונקט ווי א חתונה געזויס,
וואָס אין זעקס טעג האָט עס גאָט די סעודה געמאַכט
און געלאַדען דעם עולם צום טיש,
אין דער מילדער מענש בעדיענט דאָ דעם קעניג,
אַז עס זאָל ניט פעהלען קיין פיש, קיין געבעק,
אַז מען זאָל ניט בערייד(ע)ן, אַז די סעודה איז ווייניג,
גיט ער פון זיין חלק דעם צווייטען אַוועק;
ער זיצט ניט ביי'ן טיש זיך פרעהליך צו מאַכען,
סאַרוועוערט ער פאַר אלעמען ווי ווייט ער קאָן.
ער איז שטענדיג עוסק אין קהל'שע זאַכען
און איז נאָך א פאַרשטעהער פון זיין נאַציאָן,
אין צום סוף, אַז ער דאַרף אהיים געהן,
בעשיינקט ער די כלי זמר גאַנץ שעהן,
משרתים און אַזוי אַן דער זייט,
אויף הקדש, אויף אַרימע לייט,
דרשה געשאַנק מיט גרויס מילדיגקייט,
אויף וואָהלטהאַטען עולם'שע געלט,
זעגענט זיך אָב מיט די חתונה לייט
און געהט רוהען אין זיין געצעלט.

1878

---

## דער צבוע"יאַק

1

זיי מיר מודה, ווייב, דעם פסק;
בין איך דען ניט פון די חכמים,
אַז איך בין באמת א צבוע'יאַק
און ווייז זיך אויס פאַר א צדיק תמים,
איך צאַפּ דאָך שטענדיג פרעמדע בלוט,
איך בערייס יתומים און אלמנות,
איך עס מיר טרפות גאַנץ בערוהט,
איך טהו בשתיקה אלע פסלנות,
מיין הויקער דאַרף נאָר זיין געראַטען,
די אויגען פערגלאָצט געהן אין גאַס,
די ציצית מיט דעם טלית קטן,
די פּיאותלעך פון מקוה נאַס,

די נייע וועלט רופען זיי פוילעס
צו שילטען זיי ניט ווערען מיד,
דאַן שרייט די וועלט שוין מיט קולות,
אז איך בין א צדיק א איד.

2

אלע שלישית געלט, מיט אלע נדנ'עז,
און פון שותפים אלע בטוחות,
און וואָס ווייבער גנב'ענען פון די מאַנען
טראָגט מען צו מיר פון אלע רוחות;
פאַהרט ווער אָפּ אויף יענער וועלט,
ביי מיין קרעטשמע מאכט ער א פּאַפּאַס,
איבער די יורשים'ס גאנצע געלט
מאכט מען מיר פאר אן אפּוטרופּוס;
ווי איך ווער שוין אין פּעדערען ווארים
מאַך איך מיר מיין קונץ בעזאַכט,
אין דער פריה פלוצלונג מאַך איך אַ לאַרם,
אַז מען האָט מיך בע'גנב'עט די נאַכט;
עס קלאָגען שוין יתומים, אלמנות,
און מיר כלומר'שט ווארפט אויך אין קעלט,
אידען האָבען אויף מיר נאָך רחמנות;
ווי דעם צדיק געהט שלעכט אויף דער וועלט!

3

ווען איינער איז מיר מיט א וואָרט נוגע
איז ער שוין גלייך מקבל נזיפה,
ווארום ביי קהל איז מיינע די ערשטע דעה,
מיין שטול איז אויבען צו יעדער אסיפה;
אַלע געלטען פון די נאַבאָרען,
וואָס מען צאָהלט מיר וואָכער נאָך די סדרות פון לוח,
פון אַלע נאלאָגען פון סוועטצניע סבאָרען,
בין איך דער צדיק, דער גאַנצער בטוח;
איך ווייז קיינעם ניט קיין חשבונות,
ווער סמייעט ביי מיר פרעגען שטשאָט,
דען אויף יענעם זוך איך שוין עונות,
איך זאָג, אז ער לייקנט אין גאָט;
זיין הויז, זיין געזונט געהט פערלאָרען,
זיין פרנסה נעהם איך צו פון האַנט,
דערנאָך מאַך איך איבער די יאָהרען
און באַקלייד איהם אין סארע געוואַנט.

4

די שטאָט מוז טאַנצען נאָך מיין ניגון,
קיינער רעדט ניט אויף מיין סחורה,
ווארום ארום מיינע מילכיגם טאַנצען זיי ווי פליגען,
און דער וואָלט שוין רעדען, האָט ער מורא;
מיין סחורה ווערט קיין מאָל ניט פערלעגען,
עס שיינט עם לייכט מיין שילד, מיין דגל;
ווען איך קוילע מענשען גלאָץ איך מיט די אויגען,
איך דאַרף נאָר קרעכצען, ווען איך צערייס מיט די
נעגעל;
מיין סחורה האַלט איך שטענדיג אָפען,
סיי שבת סיי יום טוב סיי וואָך,
קיין רב וועט מיר דערפאר ניט שטראָפען,
דען מיט אַטלעס פערדעק איך די מאַך;
שלישי קומט מיר מיט גבאות,
מיט הקפות מוז איך פריהער געהן,
פון הכנסות פון שול מיט הוצאות
דער נאמן בין איך נאָר אליין.

5

פון אלע קצבות מאַך איך די סמעטע,
פאר געפּאַלענע בעלי בתים יחסנים
נעהם איך פריהער פאר זיך אראָפּ די פעטע
און די פּאַדאַנקעס פאר די קבצנים;
אויף די נייע לעהרער, וואָס לערנען שרייבען,
מאַך איך אסיפות פון מיינע דעפּוטאַטען,
איך דריק זיי, איך שטיק זיי, פון שטאָט צו פערטרייבען,
דען צו מיינע קונצען קען עס גרייליך שאַטען.
דו קענסט דאָך אָט דעם עזות פנים,
געוועזען א לעהרער ביי'ן היגען בעל הבית,
האָב איך אַנגערעדט ביעגלע יונים
און געמאַכט איהם א פאלשען דאָנאָס;
דער ווייב'ס גיסען טרערען איז בלאָטע,
וואָס זיי זיצען שבתים אָהן ברויט,
איהם פערשיקט ארעסטאַנסקע ראָטע
און די קינדער צו שטארבען פון נויט.

6

מיין נישט, מיין ווייב אז דאָס גילט נאָר איצטער,
דאָס האָט נאָך געגאָלטען אין ירושלים,
דער פאלשער נביא דער פערשפּיצטער
האט פערדעקט זיין טומאה מיט יראת שמים,
זיי האָבען דעם עולם בע'גזל'ט, בערויבט
מיט פאלשע נביאות, מיט ווערטער טרייע,
און דער המון האָט אין זיי געגלויבט
אפילו מעהר ווי דעם נביא ישעיה.
מכיה'ן פּאַטשט מען אין פנים,
ירמיהו'ן געזעצט אין אָסטראָג,
זכריה'ן פערגיסט מען די דמים
מיט די פאלשע נביאים'ס פערזאָג;
צו רעדען ווער וועט עס סמייען,
אַז דער וואָלף געהט אין א שעפּסען פעל,
און כל זמן די וועלט וועט זיך דרעהען
איז די סחורה ביי אידען ראַיעל.

---

# דער צבוע'יאק

צווייטער טהייל

1

אָט האָט איהר אייך אַ ריינעם שפּיגעל,
ווי שכל געהט צו שטראַנד,
זילבער ווערט געפּרובט אין טיגעל,
מענשען אין פערשטאַנד.
זעהט איהר יענער גלאָצט די אויגען
ווייכלעך ווי א בלום,
געהט דעם קאָרק צו דר'ערד געבויגען,
מיינט ניט דאָס איז פרום;
ניט אלץ איז גאָלד וואָס שיינט פון ווייטען,
זעהט זיין האַנדעל נאָר מיט לייטען,
קען ער מיט רובעלם זיך שטראָפירען.
אָט דאָס איז ניט פערשטעלט;
וויל מען מענשען ריין פּרובירען,
די פּראָבע איז נאָר ביי געלט.

2

ווער האָט דעם אידענס בוך געלעזען
און עס האָט איהם ניט געאַרט
פיעל משיחים איז געוועזען,
וואָס האָבען אונז גענאַרט;
געגאַנגען ווינטער אין איין מקואות
מיט מופתים אונז פערטויבט,

דער עולם האָט געהאט א טעות
אין אין זיי געגלייבט ;
מיר האָבען דעריבער פיעל געליטען,
מען האָט אונז פיעל געברענט, געשניטען —
היט אייך שוין פון דער סכנה,
פון מענשען וואָס פערשטעלט,
דען זייער ציעל אין די כוונה
איז כבוד אָדער געלט.

3

די צביע׳יאקעס מאכען קאליע
דעם שם פון פרומע לייט,
מען פרעגט שוין היינט א נייע שאלה,
אייב פרום איז עהרליכקייט ;
ווייל דער צביע׳יאק איז פול מיט הטאים
און בעט נאָך געצאָהלט דערפאר,
ווי זמרי טהוט ער מעשים רעים,
ווי פנחס בעט ער שכר.
און ווייל דער עולם איז ניט זיכער,
דארום פערלאָזט מען פרומע גיכער,
קוקט אייך אום פון אלע קאנטען,
צי זייט איהר ניט פערקויפט,
שעצט דעם פרומען ווי בריליאנטען,
פון צבוע׳יאק אנטלויפט !

4781

---

## דער איזבאָרשטשיק

(אין קהל שטיבעל ביי א כנופיא פון דעם איזבארשטשיק מיט די
גאנצע כאפטע שטאָדט בעלי טובות)

1

דער איזבאָרשטשיק.

וואו קענען מיר קריגען היינט
אַזוי א גוטען פריינד,
מיר זאָלען קענען אונזער הארץ אויסקלאָגען,
אז אלע מיט איין הסכמה
זעהען אויף אונז נקמה.
עס איז אָבער ביטער, מיר מוזען שוין זאָגען,
אַז צייט עס איז געוואָרען
דער סיסטעם פון די נייע סאָלדאטען
און עס מישען זיך שוין ניט צו נאבאָרען
מיר איזבאָרשטשיקעס און דעפוטאַטען,
און פון אונזער כנופיא כסדר,
פון דעם גאנצען קהל׳שען חדר
איז געוואָרען הויל א פוסטינע,
מען פרעגט שוין ניט קיין דעה
אויף נפשות און אויף מטבע,
עס איז אראָפּ אונזער גאנצע חיונה.

די גאַנצע כאַפּטע.

גוואלד די נייע גזירה
האָט אונז דעם שטאָלץ געשלאָגען,
מען לאכט אונז אוים אין פנים,
אונמעגליך צו פערטראָגען.

2

דער איזבאָרשטשיק.
אַז מיר דערמאָנען זיך די יאָהרען,
די פערצייטיגע נאַבאָרען,
די פרעהליכקייט פון קהל-שטיבעל ווינטער,
פון די געשרייען מיט די טרעהרען
פלעגט זיך די שטיבעל שיער אומקעהרען,
און מיר זיינען נאָך געווען געווינטער.
דאָ טורקעט מיר א ווייבעל בעזונדער :
„וואָס גזל׳ט איהר ביי מיר מיין שפייזער ? !“
און די שרייט : „מיין טאטע פון קינדער,
מיר קומט אים באָטש געהן אין די הייזער ! !“
און איך פלעג איהר זאָגען א סוד :
„מאך דאָ נישט קיין באָד,
דיין מאן איז ניט קיין סאָלדאט, כ׳לעבען !“
מיט׳ן אייג דערוויל צום שרייבער א קעהר :
„דעם פריגאָוואר אהער !“
און אויף מאָרגען איהם געפהירט אָפּגעבען.
די כאפטע.
גוואלד, איהר יעקב׳ס עופות !
איהר זייט דעם איזבאָרשטשיק׳ס גליקען,
ער גיט אייך קיין מאָל פאר דעם קוילען קיין טרונק,
און ווי גרינג איהר לאָזט זיך פון איהם פליקען.

3

דער איזבאָרשטשיק.
פיעל האָבען מיר צושוועכט
אין די ווינטערדיגע נעכט,
אַז מיר פלעגען אין קהל-שטיבעל זיצען ;
מיט גענזלאך פון די שענקען,
מיט א ווישניקעל פערטרינקען,
אַז דער שטערן פלעגט פון חדוה שוויצען.
מיר פלעגען ביי נאַכט יונגע לייט הייסען וועקען,
וועלכע דארפען גאָר נישט זיין קיין יונים,
נאָר די שטעדטעל כדי צו דערשרעקען
מען זאָל אונז טראָגען די מזומנים.
ביז דעם לעצטען סראָק דעם ריינעם
פלעגען מיר נישט אָפּגעבען קיין איינעם,
נאָר זעהן רק דעם גראָשען צו מאכען,
לסוף פלעגט פאליציע נעהמען
און אָפּגעבען אבי ועמען,
מיר פלעגען שטעהן פון וווייטען און לאכען.
די כאָפּטע.
גוואלד, וואו זיינען די יאהרען ?
פערשוואונדען ווי די וואָלקען,
בשעת פאָליציע — פאר די הערנער
און מיר האָבען געמאָלקען.

4

דער איזבאָרשטשיק.
שמחת תורה ביי דער נאכט,
בשעת דער עולם איז פערטראכט,
און דאָ פלעגט דער אוקאַז אָנקומען ;
געשיקט נאָך חברה באלד,
מען איז שוין בעפאלען מיט א גוואלד,
מיר האָבען שוין א גאנצע קאַזאַרמע אָנגענומען.
דער עולם פלעגט מיר אום יום טוב טראָגען
די נייאינקע הונדערטער פאר מורא,
ווי פלעגען צו הקפות קלאָגען
און איך האָב נאָך געקויפט חתן תורה.
צו הקפות הויך געשפרונגען,
אַ התקבצו אויך געזונגען,
איך האָב געוואוסט עס געהט א פרעהליכער ווינטער,

פריהער די געלט געצאפּט,
דערנאָך דעם נפש אליין געכאפּט,
איך בין דאָך א קהל׳ם מאן אן אלטער, א געדיענטער.
די כאַפּטע.
גוואלד, מיר קענען קיינעם
דעם טעם ניט איבערגעבען,
אויף קהל׳שען חשבון,
ווי גוט עס איז צו לעבען!

5

דער איזבאָרשטשיק.
די איסקלאַדען און נאַלאָגען
פלעגט מען צו אונז טראָגען,
מיר האָבען דעם איספיסאָק געשריעבען,
פלעגען מיר א מעשר דערפון, כ׳לעבען,
אין דומע אוועקגעבען,
אונז איז ניין חלקים פערבליבען.
דעם איזבאָר פון רעקרוטאָווע
פלעגען מיר מאכען די חלוקה אין איינעם,
דעם קורצען ספּיסאָק פון גלאָווע
פלעגען מיר נישט ווייזען קיינעם;
לייכטער, וועש און גרעט,
אויך קישעלאך פון בעט,
איז אין קהל שטיבעל פול געלעגען,
אפילו אָרימע אלמנות
פלעגען טראָגען אונז משכנות,
און קיינער פלעגט קיין חשבון פרעגען.
די כאַפּטע.
גוואלד, איהר צאן קדשים!
איהר האָט דאָך א גרויסע מעלה,
אז מען שערט אייך ווען מען וויל,
און מען מעלקט אייך אלע ווײלע.

6

דער איזבאָרשטשיק.
אונזער א נכתב אין דער וועלט,
אז ער פלעגט אונז צושיקען געלט
מיר זאָלען איהם שיקען א פּאס וואָס גיכער,
פלעגען מיר דעם גראָשען פערשטיקען,
און קיין פּאַספּאָרט ניט שיקען,
וואָס יענער איז מיט דעם לעבען ניט זיכער.
אויף די בריעף וואָס ער פלעגט אונז שרייבען,
פלעגען מיר איהם קיין מאָל קיין תשובה זאָגען,
ביז מען פלעגט איהם פּאָ עטאַפּאָם טרייבען,
און פלעגט אויסמעסטען אלע אָסטראָגען.
דער פאָטער גיסט מיט טרערען,
די ווייב וויל ניט אויפהערען,
מיר הערען זיי ווי אין „פּוהאָוויץ די מגילה“;
די געלט פלעגען מיר פערטייען,
און אז זיי פלעגען גאנץ שטארק שרייען
פלעגען מיר זיי הייסען איך בעט אייך מחילה...
די כאַפּטע.
גוואלד, דו אומה אידען!
דו קליאטשקע פון פערצייטען!
פּאר א צאמעלע פון א פּאָדים
קען דאָך יעדערער אויף דיר רייטען.

7

דער איזבאָרשטשיק.
אז מיר דערמאָנען זיך דעם גליק
מיט דרייסיג יאָהר צוריק,
בשעת די פּאָימענעם פלעגען עקסיסטירען,
אז וועמען מען כאפּט אין גאַס,
אבי נאָר אָהן א פּאס,
פלעגען מיר איהם צום פריאם גלייך פיהרען.
מיר זיינען געפאָהרען און געלויערט אויף די טראַקטען
מיט קלאָטשוואָיטען, מיט אן אָסעסער,
געכאפּט און געוואָרפען אין די פּראַקטען,
כאַטש מיט יאָווקעס און כאַטש מיט פּעסער;
מיר פלעגען גאָר ניט הערען
די געשרייען מיט די טרערען,
ער מעג זיך זיין אן אילוי, א חתן,
געפיהרט איהם צום פּרייאַם,
פערפאַלען ווי אין תהום,
און ביי אונז פלעגט בלייבען דער גראָשען.
די כאַפּטע.
גוואלד, מיר האָבען דאמאָלס געשלאָפען!
דאָס בין איך זיך יעצט מתודה,
אז מען האָט דאָך אונז געלאָזען ווי די וועלף
פריי אין דער גאנצער סטאַדע.

8

דער איזבאָרשטשיק.
אז איך ליעג איצט ביי דער נאַכט
אומעטיג פערטראכט,
הויבט מיר אָן דער בעל חלום צו קריינקען;
ער שטעלט מיר אויף לכהעים פּאָר
א פּארצייטיגען נאַבאָר,
ווי מען טראָגט אונז נאָך בלינצעס פון די שענקען,
און מיר מאכען זיך אין קאמער א צעטעל,
וועמען מען זאָל מאָרגען שטעלען,
און משרתים דאכט זיך טראָגען געלט פון שטעדטעל,
עפּעס מיר זיצען ווי אין גן עדן און קוועלען,
און ביים טיש האָט זיך א ווייבעל געשטעלט
און צעהלט מיר אָ פּאַק מיט געלט —
זי וויל דאָס איהר מאַן אויסקויפען —
נאָר פון איהר געשריי און פון דעם טומעל
כאַפּ איך זיך אויף פון דרעמעל
און געפין — אליידיגען, א פּוסטען הויפען...
די כאַפּטע.
גוואלד, דו נייע גזירה!
איך וואָלט קענען וואָלט איך דיר צורייסען,
אז פארביי מיר לויפען די יונגע טרוסעס
און קען ניט כאפּען בייסען!

9

די גאנצע כאפּטע אין איינעם.
רבונו של עולם, נאָר דו זאָלסט צורייסען
דעם סיסטעם מיט די נייע זאַקאָנען,
ווי קום איך צו פּריזיוועז? וואָס דאַרף איך די נייסען?
אז קיין זשערעבע וויל איך גאָר ניט קאָנען.
אָט קעהר אום די וועלט ווי פּארצייטען,
נאַבאָרען זאָל זיין פון טויזענד צעהן,
כדי מיר זאָלען ווידער אויף דער קליאַטשע רייטען,
פרעהליך אין קעשענע ווי עס איז אמאָל געוועזן.
אליקום בדחן זאָל זיך קלעמען,
וואָס זינגט א ליעדעלע פון אונזער קונץ, —
דערנאָך וועלען מיר ערשט נקמה נעמען
פון די וואָס לאכען אוים פון אונז.

1874

## מיר זיינען קינדער

1

דאָס קינד ווי עס ווערט געבאָרען באלד,
שרייט ער מיט קולות פון דעם געצעלט ;
אָבער פרעגט ביים קינד, וואס איז זיין גוואלד,
מען שיקט איהם דאָך לעבען אויף א וועלט.
מיר זיינען אויך ווי קינדער דזשיק,
מען שיקט אונז לעבען, מיר שרייען „גיין“.
דער לעצט רופט אונז צום וואהרען בליק,
נאָר מיר האָבען מורא צוצוגעהן ;
דרום איז דער גוואלד זעהר קרום
ביי אונזער לעצטע שעה,
דאָס ווייזט אויף אונז, אז מיר דענקען דום,
אז השארה איז ניטאָ.
קוקט אייך אום,
בעטראַכט א בלום,
אָדער יעדען בוים בעזונדער ;
דער ווינטער אראָב,
לעבט דאָס אָב —
נאָר גוואלד מיר זיינען קינדער.

2

פיעל יסורים ליידט אויס דאָס קינד צום יום המילה,
און דאָ הוליען קאָמפּאַניע,
פיעל בלוט קאָסט אונז אמונה לכתחילה
אין פּאָרטוגאל, אין רוים, אין שפּאַניען,
דאָ קרייציגט מען אין אינקוויזיציאָן
אין קנאת הדת איינגעטונקט ;
דאָ ברענט מען מענשען פאר רעליגיאָן,
און דאָ דער עולם מען הוליעט, מען זינגט.
ווי גרויס איז די פרייד אין א טאָג צי צוויי,
דאָס קינד ווערט רוהיג, פריי,
און אויב עס טהוט עטוואס וועה,
לויפט דאָס אויך פארביי.
זעה גוטעס צו טהאָן
פאר דיין נאַציאָן,
געה נישט ווי א בלינדער ;
לאַך ניט, פלוט,
דאָס קאָסט אונז בלוט —
גוואלד, מיר זיינען קינדער.

3

דאָס קינד ענטוויעהנט מען אין א מזל'דיגער שעה,
און ער מיט קולות וויינט און שרייט ;
איז דען ביי אונז גרויסע דאָס זעלביגע ניטאָ,
מיר ליעבען הבלים, נארישקייט.
בשעת מיר האָבען אין מצרים געוואוינט,
האָבען מיר דאָרט הבלים געזויגען געדיכט,
ביים הר סיני האָט מען אונז ענטוועהנט
און דעם נאָפּעל מיט רום איינגעריכט.
נאָר אין דער מדבר רק געשריען,
געבענקט נאָך די נבלות,
און אין שמרון און אין ציון,
און די גאנצע צייט פון גלות,
און עד היום
איז ווי א תהום,
עס ווערט נאָך גאָר ניט לינדער,
נאָר יענע ברוסט,
וואָלט ער געקושט —
גוואלד, מיר זיינען קינדער.

4

דאָס קינד בעקומט שוין שכל, פערשטעהט און ווייס,
ער ווערט מיט מזל אין חדר געבראכט.
דארט ווייזט איהם דער רבי דעם אלף בית,
לעזען און שרייבען וואָס ער טראכט.
די וועלט איז א ספר, וואָס פיעל בעטייט,
מען דארף נאָר קענען לעזען גוט,
אונזער רבי איז די צייט,
זי ווייזט די אותיות מיט'ן שטרייגנגען רוט.
יעדער שעה איז אן אות,
א נקודה — אן אויגענבליק,
מען דארף נאָר לעזען, וויסען וואָס
און לערנען רק פּראַקטיק.
אבער ער זעהט אָ וועלט
און עס איז איהם פערשטעלט,
געהט רק ווי א בלינדער,
זעהט אן אות
און פערשטעהט ניט וואָס —
גוואלד מיר זיינען קינדער.

5

דאָס קינד שפּיעלט אין פערדלאך זעהר וואויל,
עס טרייבט איהם רק דער יונגער גייסט,
איינער האלט א שטריקעל דעם צאם אין מויל,
דער צווייטער פון הינטען טרייבט און שמייסט.
וואָס לאכען מיר פון דעם קליינעם קינד,
ביי אונז הערשט אויך, ווער קרעפטען האָט
דער הערשט שטרענג איבער זיין הויז-געזינד,
דער נאָך שטרענגער אין קלויז אויף זיין שטאָט, —
רעכענט זיך נאָר פאר א מענשען,
דעם צווייטען פאר א פערד, —
יענעם שילטען, זיך נאָר בענשען,
די גאוה איז א שווערד !
מען זעהט דאָס רוב,
ער איז גאָטאָוו
צו שניידען ווי שינדער ;
לאָז איהם צו רוה,
ער איז א מענש ווי דו —
גוואלד, מיר זיינען קינדער.

6

דאָס קינד האָט אמאָל א פייפעלע דערטאַפּט,
געפייפט, בעריהמט זיך דעם גאנצען טאָג ;
די קינדער פון קנאה האָבען ביי איהם ארויסגעכאפּט
און ער האָט געשריען, געוויינט מיט א קלאָג.
דער פאַלשער כבוד איז דער פייפעל'ס קול : —
דער שרייט מען זאל איהם מפטיר געבען ;
דער פאלשער כבוד מאכט אמאָל,
אַז מען וויינט דורך דעם גאנצען לעבען.
דער זוכט כיבודים, דער גבאות,
דער אין קלויז אויבען אָן א שטאָט ;
דאָס ברייננגט צו שאנד אי צו רמאות,
צו טרערען אָהן א סטשאָט.
מען איז מקנא איהם
זיין פאַלשען שם,
כאפּט מען צו די פייפעל געשווינדער,
דער עולם לאכט אין הייפעל,
ווי ער בלייבט אָהן א פייפעל —
גוואלד, מיר זיינען קינדער.

7

דאָס קינד שפּיעלט זיך אין קאַמער קאַמער הויז
דעם חבר'ס אָרט פערלויפט ער די מינוט,
און מיר זעהען עס און לאַכען זיי אויס,
און אליין שפּיעלט מען, מען פערגיעסט נאָך בלוט;
ווי יענער גיט זיך פון געשעפט א ריהר,
פערלויפען מיר דערינען,
מיט יענעמס אונגליק זוכען מיר
אונזער גליק צו געפינען.
נאָר דיין רובעל האָט גאָר די מעלות,
דיין חבר'ס איז ביי דיר אומזיסט,
אויף טעפּלער, לעפעל פרעגט מען שאלות,
אויף א רובעל קיינמאָל נישט.
יענער שרויפט
און דער פערלויפט,
מען פערכאַפּט דעם שטעל געשווינדער,
נאָר פון געשעפט א קעהר,
פערלויפט שוין דער —
גוואלד, מיר זיינען קינדער.

8

דאָס קינד פון זייף מיט וואסער בלאָזט ער פלעשער,
ער בלאָזט, און עס פּלאַצט. עס ווערט נייע געמאַכט
און ער ווערט ניט מיעד און בלאָזט נאָך גרעסער.
אָבער מיט לעדיג קומט ער אהיים פארנאַכט,
אזעלכע פלעשער בלאָזען מיר אלע,
פונקט ווי דער אינגעל דער געשייטער,
כאָטש די צייט איז פון זיי פיעל מכלה,
ווערען מיר ניט מיעד און בלאָזען ווייטער.
דער בלאָזט פלעשער פון פאלשע פרומקייט,
דער איז א פאלשער פריינד,
דער פערמאַסקירט זיך מיט פאלשע רייכקייט,
וואָס פון א פרעמדען פלאַש דאָס שיינט,
און כאָטש עס פּלאַצען פיעל,
מאַכט ער דאָס אויף שטיל,
און בלאָזט נייע נאָך מיט מעהר וואונדער,
אָבער אין די גרוב, די קליינע,
ברייננגט ער ניט קיין איינע —

9

דאָס קינד פאַר א צאַצקע וויינט ער דעם גאנצען טאָג,
זיין שמחה איז אויך אָהן א געפיהל;
מיר וועגען זיך אויף די זעלביגע וואָג,
אונזער פרייד מיט די לייד איז א קינדער־שפּיעל.
אונזער נחת מיט די פרייע מוט
אין דער נאַטור ווערט עס אויסגעלאַכט,
אונזער טרעהר וואָס פליסט מיט בלוט,
ווערט אין דער נאַטור ווי א קינד בעטראַכט.
אַז מיר וואָלטען גרינדליך וויסען
דעם סוד פון גאָטעס וועלט,
וואָלט אונז דאָס ניט פרעהען און ניט פערדריסען,
נאָר עס איז פון אונז פערשטעלט.
מיר רעכענען פאַר וואָהר,
אַז די וועלט איז ניט גאָר,
עס איז דאָ א וועלט בעזונדער;
דעם מענשענ'ס היגע שפּיעל
מוז האָבען אַן אַנדער ציעל —
נאָר מיר זיינען קינדער!

1858

## פון חדר זאָגט מען ניט אויס

ווען איך בין אלס קינד אין חדר געגאַנגען,
איך האָב בעטראַכט דעם רבינ'ס קאַנטשיק מיט זיין טובה,
די כשרה רב'עצין מיט'ן פארטוך פערהאַנגען,
דעם ליעבען בעהעלפער דעם זולל וסובא,
די רב'עצין פלעגט הייסען וואסער אונז טראָגען,
דער בעהעלפער מיט די מיטאָגס האָט יחדו געמאַכט,
דער רבי פלעגט פאַטשען, שמייסען און שלאָגען,
דערצו נאָך פערזאָגען א הודעה פארנאַכט:
קינדער, וואס געהערט וואָס געזעהען,
געדענקט איך לאָז אייך איצטער לויז;
די מאַמע וועט פרעגען וואָס, ווען —
פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

2

מיט די זעלבע מורא בין איך אויסגעוואַקסען,
איך האָב ערשט דערזעהן, אז די וועלט איז דער חדר,
אונזער רבי איז די צייט דער עקשן,
פון זיין קאַנטשיק ציטערט אלע גלידער.
היינט נאָרט אויס איינער דעם אנדערענ'ס ביסען,
פּראָסט אז מען רייסט שוין מיט גוואלד פון מויל;
דער שטילער, דער עהרליכער, ווערט אויסגעריסען,
רציחות און עולות, אז עס נעמט אָן א גרויל.
נאָר די צייט האָט מיר באלד ערקלערט,
אַז איך בין נאָך פון חדר ניט ארויס;
ברודער, וואָס געזעהען, וואָס געהערט —
פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

3

איך וויים, אז דער איד האָט זיין עהרע פערלאָרען,
לאָזט זיך רייסען די פּאות, נאָר א קערבעל דערפאַר;
צייט ער איז אין פוילען פערטריעבען געוואָרען,
ביים משוגע'נעם פריץ צו זיין א ראַנדאַר.
ער רופט דעם אידען „זשיד פּארכאַטי",
און ער רופט איהם „פּאַנאַטשיק" און קושט איהם די האַנט,
און אלע שרייען נאָך, אז יאַנקעל פּוסקאַטע
איז א תקיף ביים פריץ, א פליגעל אדיוטאַנט;
און דער פריץ ווארפט איהם צו דער ערד,
זיין בערדעל צופּט ער איהם אויס —
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

4

אָט דער זעלביגער איד, וואָס לעבט אין סכנה,
אַז דער פריץ זאָגט איהם „וואָן", האָט ער שוין א זכיה;
קומט ער אָבער אין שול, איז ער אַן אתה בחרתנו
און „חמישי" איז שוין א קליינע עליה.
צו עליות, צו הקפות, צו אתה הראת,
דאָ ווערט שוין כבוד געוואויגען אויפ'ן שאל;
חול המועד צום קלפּי פאַר א גבאי, מהכי תיתא,
ווען ניט איז זלזולים אין שול אויפ'ן קול;
דער שילט, דער זידעלט, דער שווערט,
דער שרייט אין שול: ממזר ארויס!
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס!

5

אַז איך גיב א קוק אויף די אידישע קראָמען,
פּלאַצט מיר מיין גאַל, איך האַלט עס ניט אויס;
זעצען אָן קרעמערקעס, עשרת בני המן,
און אלע פּאַד נומעראַס פון קליין ביז גרויס;

געהט דורך א מענש ווערט א ליארם און יללות,
און דראקעס, אז פליהען פייער־טעפּ אין קאָפּ ;
עס רוישט די גאס פון קולות מיט קללות,
ביז מען רייסט דעם סוחר דעם אַרבעל אראָב.
וואָס קען האָבען דער איד פאַר א ווערטה,
אז זיין האנדעל זעהט אזוי אויס ?
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען אין געהערט,
נאָר פון הדר זאָגט מען ניט אויס !

6

איך ווייס גאַנץ גוט, אז דער איד האָט ערכות
מעהר פאר יעדער נאציאָן אין דער וועלט ;
ער צאָהלט פון פלייש, פון מצה, פון ליכט, פון ברכות,
ער עסט ניט, ער טרינקט ניט, און עס קאָסט רק געלט.
דער קריסט האָט דאָך אויך שפּיטעלער, פריוטען,
ער האָט א באַגאַדעל און א פּאַרקאן ארום זיין פעלד ;
ער האָט אויך לעהרע־שולען, ער גיט אויך רעקרוטען,
און צאָהלט קיין קאָרבאָבקע און ניט קיין קבורה געלט ;
און דער איד איז מיט לאַסטען בעשווערט,
אייביג צאָהלט ער זיך ניט אויס.
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס !

7

איך ווייס גאַנץ גוט, אז פיעלע מענשען
האלטען טערמין צוליעב קאַנטע אויף ווייטער,
דערהאלטען די ראַטע איז דוקא מיט קונצען,
דען היינטיגע וועלט איז גוט וואָס געשייטער ;
בעקומט מען נאָר איינעם א וויץ־שטאָק, א פרייער,
מאַכט מען איהם ציכטיג, אז עס קרעהט ניט קיין האָהן,
כאַטש יענעם קומט אויס צו געהן כאַטש אין פייער,
וואָס אַרט דאָס ווער ? וועמען געהט עס דען אָן ?
דרום איז קרעדיטונג געשטערט,
אז מען גיט פּראָסט פון האַנט ניט הערוים.
איך האָב נאָך מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס !

8

איך ווייס, אז דער איד טהוט פערקעהרט גאָר
ווי די גמרא האָט געגעבען אין לערנען דעם סדר ;
ניט צו פופצעהן נאָר צו זיעבען יאָהר
לערענט ער תלמוד אין זיין פערשפּאַרטען חדר.
אז ער קען נאָך ניט די וועלט, מיט איהרע רמאות,
צו דיני ממונות איז ער נאָך א קינד,
אָז ער ווייסט ניט, וואָס בעטייט די וויבערשע המצאות,
און צום סדר פון נשים איז ער נאָך גאָר בלינד,
און דאָ איז די עברי געשטערט,
אַ וואָרט ריין געהט ניט ארויס, —
איך האָב מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס !

9

מען וואַרט נאָר דער אינגעל זאָל דרייצעהן יאָהר ווערען,
בעווייזט זיך שוין אין חדר א מחותנ׳ס א איד,
אין א שלומפּער מיט אַרבעל א רויטען נאָז מיט א שטערען,
דער געלינקער אינגעלע ציטערט גליעד פאַר גליעד,
באַלד ווערט א ליאַרעם, פּראָסט ביז א הראַקען,
דער איד מיט דעם רבי׳ן, דער אינגעל דער שאַפּעט,
די מוטער קוועלט פון די רייד די געשמאַקע,
און צום סוף בעקומט אין בעקעלע א גלעט,
מען זעהט, אז די כלה איז בעשערט,
„מזל טוב !“ שרייט מען אויס —
איך האָב נאָך דאָרטען מעהרער געהערט,
נאָר פון הדר זאָגט מען ניט אויס !

10

מען הוליעט א התונה, מען פערגעסט אָן שמערצען.
אז דער זיווג איז גלייך, דאָס זעהט מען בחוש ;
ער קוים בר מצוה, זי א יאָהר פערצעהן,
זיי קענען געהן שפּאַצירען אינטער׳ן טיש.
מען עסט האַרטע קעז, מזל טוב אין גאַנצען,
ווייבערהאָך, פּאַטשעט, איהר האָט נחת דערלעבט !
ביידע מחותנת׳טעס א שעמעלע טאַנצען,
דעם חתן א כאַמעט איז דער בעסטער רעצעפּט.
און איך שטעה פון ווייטען, מיר גרוילט,
ווי דומהייט ביי אידען איז גרויס.
פון... וואָלט איך נאָך דערצעהלט,
נאָר פון הדר זאָגט מען ניט אויס !

11

ווען מיר שיינט מיין גליק האָב איך אָבאָנענטען,
איך האָב שוין קרובים, וואָס פריינדלען זיך גאַנץ פעסט,
מען קומט מיט חניפות, מיט פאַלשע קאָמפּלימענטען,
א שבת, א יום טוב האָב איך שוין פיעל געסט.
איך געדענק, ווען איך בין א יתום געבליעבען,
בין איך געוועזען עלענד, קיין גואל, קיין פריינד.
אָך, איהר מענשען ! איהר זייט ווי פליגען,
איהר קומט צו פליהען, ווען די זון מיר שיינט,
און ווען מיין רעדעל ווערט איבערגעקעהרט,
ענטלויפט מען פון קליין ביז גרויס.
איך האָב מעהרער געזעהען און געהערט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס !

12

הכלל אין וועלט חדר זעהט מען זיך אָן
אַ גרויסען זווערינעץ מיט אלערליי חיות ;
א טיגער, א פוקס, א ווילדען האָהן,
אן אָבעזיאַנע אין א קאַפּעלוש מיט איהרע הויות,
אייזלען און פערד, וועלף און בערען,
גיפטיגע שלאַנגען, קעץ און מייז,
שלאָפינקע שעפּסעלעך, וואָס לאָזען זיך שערען
און אָפּטער צו זיין פאַר די חיות א שפּייז —
דער ברומט, דער טאַנצט, דער יאָגט,
דעם דריקט מען די נשמה ארויס —
דעם נמשל וואָלט איך נאָך געזאָגט,
נאָר פון חדר זאָגט מען ניט אויס !

1857

## די פערדאָרבענע בילדונג

1

מען לאַכט פון פערצייטיגע דורות,
אז די דומהייט האָט זיי פערפיהרט,
אלע ביכער זיינען פול מיט עבירות,
ווי דער שקר האָט עקסיסטירט.
אָבער ליידער טרעפט היינט אזוינע,
וואָס רופען זיך פון היינטיגער וועלט,
און טהוען אָב מעשיות געמיינע,
ווייל דער שקר איז מיט אמת פערשטעלט.
זיי מאַכען די בילדונג מכלה,
מיט זייער נארישען סטראָי
אין שרייען נאָך און זאָגען פאַר אלע,
אז די בילדונג פערלאַנגט עס אזוי.

2

ביי היינטיגער וועלט א אינגעל,
מען לאָזט איהם בילדען עטוואָס,
האָט ער שוין א געשליפענעם צינגעל,

ער איז שוין אליין בעל הבית.
דעם פאָטער הערט מען ניט זעהר,
די מאמען לאכט מען גאָר אויס,
ווי א הון אויף קאטשקענע אייער,
אזוי נעבעך זעהען זיי אויס.
אויף „כבד" דאַרף מען ניט קוקען,
דען אמונה איז שוין לאנג פערביי;
אויף „כבד" זאָגט ער נוטריקון
כ'יאם ב'אצקע דאוואי.

3

וואו א קינד ווערט מיט אדעל ערצויגען,
מען פלאנצט איהם איין זיטען אין זיך,
זיין טריט און זיין וואָרט ווערט געוואויגען,
טרעט ער נאָך פון וועג ניט אָפּ גיך.
אָבער אַזעלכער, וואס האָט קיין ערציהונג,
געוואלגערט זיך אין א פרעמדער קיך,
ער איז שוין פערדאָרבען פון בליהונג,
און האָט קיין כאראקטער אין זיך;
ברויט פלעגט ער קלייבען א ברעקעל,
קיין העמד האָט ער קיינמאָל געהאט,
און ווערט פלוצלונג א פראנט אין א רעקעל,
און איז שוין אן אריסטאָקראט.

4

ווען איך וויל מען זאָל מיר אכטען,
פאר א גרויסען געבילדעטען מאָן,
כאָטש איך קען געאָמעטריע ניט בעטראכטען
די מאָס פון א שפאן אויף א שפאַן,
טהו איך מיר אָן א פאָר ברילען,
כאָטש איך קען גאָר נישט קוקען אויף זיי,
און געשייט די ראָלע צו שפּיעלען,
מיט „פאַרדאָן" און מיט „באָן זשור מאסיו'"
און דערמאָנען א פאָר גרויסע מענער,
ווי פושקין און לערמאנטאָף,
דאָן האַלט מען מיך פאר אַ קענער,
איך בין שוין א פילאָזאָף.

5

וואַרף איך אָן אויג אויף א פריילין,
זי מעג זיך פון גרעסטען שטאָם זיין,
האָב איך שוין די ביקסען, די פיילען,
ביז זי פאלט אין מיין נעץ אריין.
עס העלפט ניט וואס עלטערען שטערען,
דען זי איז שוין פערקראָכען צו ווייט.
נדן פיעל איך וויל מוז ווערען,
און א זייגער מיט א גאָלדענע קייט.
עלטערען זיינען געניטע,
זיי מוזען מיט גוואלד זאָגען „יע",
אויף מאָרגען בעקום איך א צווייטע,
זאָג איך צו די ערשטע „אדיע!"

6

און די מיידלעך, וואָס ווילען זיין כלות,
און דאָ איז ניטאָ מיט וואָס,
דען אין שטוב סוויסטשעט דער דלות,
דער אביון איז דאָרט בעל הבית,
און דאָ איז זי אזוי אונגעבילדעט,
פונקט מיט איהר באבען צוגלייך,
דער כאראַקטער איז פראָסט און פערווילדעט,
אַז איך שעם מיך צו זאָגען פאר אייך,
פערבעט מען צו זיך אויף וויזיטען,
אַ שילער פון פערוו ראזריאד,
און מאַכט קאָמפּלימענטען אין מיטען,
אָט בין איך א געבילדעטע מאַד.

7

זי סמאָקעט דעם פאָטער ווי אַ פּיאווקע,
הויל צוליעב שטאַט און פוץ.
דער שיניאָן מיט די גאנצע פּאפּראווקע
אזוינס, וואָס פערליערט באלד דעם נוץ;
וואָס דער פאָטער צאָהלט דערפאר וואָכער,
האנדשוה מוז זיין מיט א פאָכער,
און א פלעשעל אָדעקאָלאָן,
דערצו דעם אידען אויסלאָכען,
פערהאָסען זיין טריט און זיין בליק,
קאָמפּלימענטען מיט חנ'דעלאַך מאכען,
אָט בין איך א פריילין אַנטיק.

8

ווי זי הויבט נאָר אָן רוסיש צו קענען,
לעזט זי שוין באלד אַ ראָמאַן,
די יונגע בלוט הויבט אָן צו ברענען,
דען זי געפינט דאָרט א יונגען סטעפאַן,
זיינע באַקען ווי צוויי שעהנע בלומען,
זיינע אויגען ווי צוויי שטערען לייכט,
„אַך, איך וואָלט איהם בעקומען,
ווער וואָלט צו מיר זיך פערגלייכט!"
זי פערגעסט, אַז דאָס שרייבט א פערפאַסער,
וואָס האָט דאָס פון קאָפּ אויסגעטראַכט,
און זי זוכט איהם אין פייער און וואסער,
ער קומט איהר צו חלום ביי־נאַכט.

9

ביינאַכט זוכט זי נאָר פלאַנען,
זי ליעגט און עס הויבט איהר פון אָרט,
ווי אַזוי זי זאָל זוכען סטעפאַנ'ען
און קוויקען זיך מיט זיינעם אַ וואָרט.
איהרע געדאַנקען און פאַנטאַזיע שוועבען:
„אויב ער וועט אַנטרעפען מיר,
„איך וועל זאָגען: מיין ליכט, מיין לעבען,
„מיין הארץ איז אין גאנצען פאר דיר!"
זי זוכט איהם אויף אלע בולוואַרען,
אין טהעאַטער און אויפ'ן פלאַץ,
וואו הערערען מוז זי זיך דאָרט שפּאַרען,
און דער הערר הערט איהר ווי די קאַץ.

10

אַז מען דאַרף געהן סטעפאַנ'ען געפינען,
מוז מען געקליידט זיין שאַרמאַנט,
אין אַ רעטאַנדע פון פּאַריז מאַגאַזינען,
און אַ הוט און א זאַנטשיק אין האַנט.
זי שטעלט גאָר דעם פאָטער בדלות,
וואָס פערהאָרעוועט זיין גראָשען מיט שווייס,
און וואַרפט זיך ווי א שיף אין די כוואַליעס,
און זי ברייננגט עס אויף נאַרישקייט אויס.
אַז די מוטער הייסט איהר בראָקען לאָקשען,
אָדער אָנשאַבען בולבעס אין טאָפּ,
הוקט זי זיי אָן ווי די אָקסען,
וואָרום איהר ליגט גאָר סטעפאַן אין קאָפּ.

11

עס לויפען די טעג מיט די וואָכען,
די בעקלעך איז שוין ניט אזוי שעהן;
די קליידעלעך ווערען צוקראָכען,
און דאָ מוז מען די מאָדע נאָכגעהן.

דער פאַטער בעט אַן שדכנים,
ער ווייס דאָך זי איז שוין ניט יונג,
אַז עס קומען אין שטוב מחותנים,
גיט זי אין לופטען א שפּרונג,
בכן פרעגט דער פאַטער מיט תקיפות,
„אַז ניט דעם, טאַ וועמען ווילסטו?"
ווייזט זי ארויס איהרע חציפות:
„טאַקיך סאַווסיעם ניע האַטשו!"

12

מען מוז שוין די טהירען איפּמאַכען,
פאַר שאַרלאַטאַנעס און שפּיר אַלערליי,
מען פלעגט פריהער אליין פון זיי לאַכען,
איצט מוז מען נאָך חנפ'ענען זיי.
עס ווייזען זיך פאַפּיערענע קעלנער,
רעקלעך פון אַלטען טאַלקיטש,
רינגלעך געקויפט פון די זעלנער,
קאַמאַשלעך מיט לאַטעס א טוין,
און איז אַ בריה אויף אכילה ושתיה,
אַלע טעלער אין קיך לעקט ער אויס;
אָבער דער פאַטער כאַפּט קוים די מציאה,
אַבי די משוגעת זאָל פון זינען ארויס.

13

זי ווערט שוין מיט מזל א פערדרעהטע,
מען שטעלט חופּה מיט דעם טאַראַקאַן,
צי זי וויל, צי זי איז א געטויטע,
אַבי נאָר זי האָט שוין אַ מאַן.
אָבער קען זי דען זיין א בעל־הבית'טע,
אַז זי פלעגט גאָר שפּאַציערען אין גאַס,
פאַרפעל אז זי קאָכט אויס גאָר פּראָסטע,
איז אויך פול מיט רויך און מיט אַש;
איהרע קינדער ערציהט זי ניט בעסער,
ווי מען האָט איהר זעלבסט ערצויגען אין שטוב,
צום מאַן ווערט די שנאה רק גרעסער,
ווארום פוסטע פאַנטאַזיעס בעגלייט איהר צום גרוב.

14

די בילדונג ווינשט פון די פרויען,
צו זיין א ווירטהין פאַר זיך,
האַפטען און שטריקען און נייען,
דערצו די הגהה אין קיך.
געפינט זיך היינט גאָר א פריילין,
וואָס לערנט דעם פּשט גאָר פערקעהרט,
אַז א קלייד פון 28 איילען,
הייסט עס ביי איהר אויפגעקלעהרט.
און לעזען א צוויי־דריי ראָמאַנען
און בעזוכען דעם טהעאַטער פאַרנאַכט,
און מיט וואונקען — ליעבע פערשטאַנען,
אָט בין איך א פריילין — א פּראַכט.

1855

---

# דער פּראָם

1

דאָרט ביים ווילע געה איך שפּאַצירען,
זעה איך דעם פּראם אויפ'ן טייך,
הין און צוריק טהוט ער איבערפיהרען,
זאָג איך: ברידער, דאָס מיינט מען אייך.
די וועלט איז דער טייך, טיעף און שטרענג,
דער פּראָם דאָס איז די צייט;
אינעווייניג מענשען אָנגעשפּארט ענג,
און ער שיפט עס צו יענעם זייט.

די שטראָמען מיט די גאוות
און די וועלטליכע תאוות,
וואָס זיי טרייבען דעם פּראָם;
מעהר ניט די ליניע,
דאָס איז די אמונה,
לאָזט אונז ניט פערטרינקען אין תהום.

2

די מענשען, וואָס זיינען אָקאָרסט פון ברעג,
האָבען ניט קיין מורא פאַר'ן שטראָם;
און די, וואָס זיינען שוין באַלד אריבער די וועג,
לאַכען אויך אויס דעם וואַסער, דעם תהום.
אַז ער איז נאָך א קינד
שרעקט איהם ניט קיין ווינט,
ביי איהם איז אַלעס גלייך;
ווערט ער ווידער אַלט
איז ער ביי זיך קאַלט,
ער איז שוין באַלד אריבער דעם טייך.
נאָר וואו דען שרעקט דאָס האַרץ
און איז פול מיט שמאַרץ,
אַז דער פּראָם איז אין מיטען געשטעלט
אין די מיטעלע יאָהרען
מוז ער לאַנגזאַמער פאָהרען,
ניט צו בלייבען אין מיטען דער וועלט.

3

די געניטע מאַטראָזען טהוט גאָר ניט ארען,
וואָס אַלע שרייען: ציהט גיכער די שטריק,
וואָס דאַרפען מיר דעם פּראָם מיט געוואַלד איהם שפּאָרען,
אַז מיר מוזען באַלד פאָהרען צוריק.
אונזערע מאַטראָזען איז דער ווינטער, דער זומער,
זיי אַרט ניט דעם מענשען'ס פערלאַנג;
וואָס דער מענש טרייבט די צייט האָבען זיי גאָר
קיין קימער,
און זיי געהען זיך דעם רעגולאַרנעם גאַנג.
בערעכענט אויף מזומן,
אַז איהר וועט שוין דאָרט קומען,
צי וועט מען אייך דאָרט לאָזען ליעגען;
עס קען גאָר אונז טרעפען
צוריק זיך צו שיפען,
איבער־נייס אין אַ וויעגעלע זיך וויעגען.

4

לעבען יעטווידער ברעג שטעהט דאָרט אַ בריקעל,
וואָס דער פּראָם שטעלט זיך דאָרט אָפּ,
עס קומט נעמט ניט צו, עס בלייבען אָפען א שטיקעל,
און יעטווידער איינער שפּרינגט אַראָפּ;
דאָרט אויף צו שפּרינגען דאַרף מען זיין א גבור,
אַ שפּרונג און ווייטער א לויף;
מיר דאַרפען אויך די צוויי בריקלאַך אריבער
פון אָנהויב און ווידער צום סוף.
בשעת געבאָרען שרייט ער
און צום סוף איז איהם שווער,
ער וואָלט אוועקגעגעבען דעם גאַנצען פערמעג;
וואָס העלפט דיר דיין דינגען,
דו מוזט דאָך שוין שפּרינגען,
דו זעהסט דאָך דער פּראָם שטעהט דאָך ביים ברעג.

5

ווי גרויס איז דער פּחד פון פאָרענט און פון הינטען.
אין מיטען טייך דער פּראָם טהוט טראָגען,
די וועלען, די שטראָמען, די שטורמס, די ווינטען —
איטליכער וויל נאָר די שיף צושלאָגען.

ווי טהייער, ווי וויכטיג, דאַרף אונז זיין די ליניע,
זי פֿיהרט אונז זיכער צום ברעג;
ווי וויכטיג איז אונז די אמונה,
מען געהט זיך מיט אַ גאַנץ גלייכען וועג.
ווער עס וויל זיך בעריהמען,
אַז ער קען גוט שווימען,
די ליניע איז איהם צו גראָב, צו גרויס —
קען מען זעהן פון דער ווייט
דעם סוף פון די לייט,
אַ טויזענדער קומט קוים אַרויס.

6

דער פּראָם וואָלט געגאַנגען וואו די וועלען איהם שלעפּען,
ווער ווייס וואוהין זיי וואָלטען איהם פערשמיסען;
אַז דער מענש וואָלט וועלען זיינע תאוות נאָכגעבען,
וואָלט דער מענשליכער בונד ווערען צוריסען.
ווי וואָלט געהאַלטען אַ בונד פון אַ מדינה,
ווען ניט פון רעליגיע דער צייכען?
ווער צאַמט אַ פֿאָלק, ווען ניט די אמונה,
וואָס די אויג פון רעגירונג קען ניט גרייכען;
היט דיין אמונה,
געה מיט דער ליניע,
ביזט דו אַ מענש מיט אַלעמען גלייך;
זיי אַ איד צו גאָט
און אַ מענש אין שטאָדט,
ווּעסטו בשלום אַריבער דעם טייך.

7

די מאַטראָזען שטעהען דאָרט ביי אַ קאַנט
זיי האַלטען אַ רודער, זיי האָבען צו טהאָן.
די צייט האַלט אונז אויך די האָפענונג אין האַנט,
בעשערט איהם, בעשיצט איהם ווי אַ ווינט קומט נאָר אָן.
ווי דער רודער איז געגעבען אונז צו ראַטירען,
אין שרעק גיט ער אונז מוטה,
אַזוי די האָפענונג טהוט אונז פֿיהרען,
ביז אונזער לעצטער מינוט.
זי וויזט פון דער ווייט,
די קינפֿטיגע צייט
לעבען מיר אָפּ אויף דאָס נייע;
עס ווערט פֿאַרגעשטעלט
אַ קינפֿטיגע וועלט —
אָט איז זי אונז ממש מחיה.

---

## דאָס ליעד פון פויגעל

1

וואָס קוקט איהר מיר פויגעלעך אָן,
וואָס איך קען מיך קיין ריהר ניט טהאָן.
פון שטיפען איז מיר געוואָרען
מיינע פליגלען אָפּגעשאָרען.
איך זעה דאָרטען אַ פויגעל פליהט,
איך זעה דער בוים ער בליהט;
איך זעה דאָס מיט די אויגען,
און וואָלט אויך גערען געפלויגען.
איך בין אויך אַמאָל געוועזען פריי,
געפלויגען, געכאַפּט אַ גראָז, אַ מאַי,
אַ גרעזעלע געשמעקט, —
דעם טוי אָפּגעלעקט,
און האָב דעם נחת געהאַט,
צו טראָגען אין מויל אַ בלאַט;
און היינט האָב איך דערלעבט
צו זעהען ווי יענע שוועבט;
אַליין בין איך ווי צוגעשמידט,
איך זעה אַלע צייט
דעם נחת פון דער ווייט
און גרייכען קען איך ניט.

2

ווי שעהן דער זומער איז היינט,
ווי פרעהליך די זון שיינט.
ווי פריי עס איז איצט צו שוועבען,
ווּעמען גאָט האָט נאָר פליגעל געגעבען.
זיי פליהען אויפ'ן פעלד אַרום,
זיי זינגען מיט'ן זיסען שטים;
זיי טהוען דאָס גאָט דאַנקען,
וואָס ער האָט זיי פליגעל געשאָנקען.
ערשט צוריק מיט אַ קורצע צייט
בין איך אויך ביים גליק געוועזען לייט,
געפלויגען אין דער הויך,
און געזונגען אויך
אין דער פריה מיט אַ געזאַנג,
געגעבען צו גאָט אַ דאַנק.
היינט איז מיט אַמאָל
אַראָפּ מיין זיסער קול.
איך בין שוין געוואָרען שטום,
און אַלע קליינע קינדער —
יעדערער בעזונדער
טרייבען מיך הין און הער אַרום.

3

איהר פויגעלעך, וואס איהר האָט פליגעל, —
קוקט אין מיר ווי אין אַ שפיגעל.
ווי קיינער איז אויף דער וועלט ניט בעגליקט,
ווי דער גליקליכסטער ווערט אונטערדריקט. —
אויף די פליגעל נעמט מיר, פריינד,
טראָגט מיך, וואו די זון שיינט.
שטעלט מיר, וואו די היץ איז גרויס, —
דאָרטען וואקסען מיר פליגלען אויס.
איך וועל אָנהויבען ווידער אויפ'ן פעלד צו פליהען,
וואו פייגעלעך שוועבען, וואו בוימער בליהען.
איך וועל אָנהויבען צו געניסען
פון דעם טוי דעם זיסען,
און וועל זינגען אויך
מיט מיין שטים אין דער הויך.
אָך, ווי דערלעב איך שוין,
צו שטעהן אויפ'ן בוים,
און פערגעסען אָן אַלע מיינע לייד.
צו זינגען נאָך אַמאָל
מיט מיין זיסען קול
פאַר מיין צער צו געניסען עטוואָס פרייד.

4

אַזוי האָט אַ פויגעל געקלאָגט,
ווען זי איז געווען פערצאָגט.
פון פויגעלעך אונטער דריק
מיט הונדערט יאָהר צוריק.
איידער איהר דערלעזער איז געקומען,
איי ער שטעלט איהר צווישען די בלומען.
געטהאָן די קינדער פעריאָגען,
ביז זי האָט צוריק איהרע פליגעל געקראָגען.
ווער קען די פויגעל אין געזיכט אקוראַט,
וואָס דעם נאָמען קייליקע האָט זי געהאַט? —
מען פלעגט איהר רופען אַמאָל
דאָס שעהנע פאָלק ישראל,

און אַז מען האָט איהר צוהאַקט גליעד פאַר גליעד, —
האָט מען איהר דערנאָך גערופען „זשיד“.
מיט טרערען דערמאַנט זי איצט,
ווי זיי האָבען איהר פערשמיצט.
געטריבען פון צווייגעל צו צווייגעל,
און היינט איז זי בעגליקט,
אַז גאָט האָט איהר געשיקט
דעם ווירט וואָס האלט איהר ריין אין שטייגעל.

5

גלייך ווי איך בין אַהן פליגעל געבליבען,
פון מיין נעסט געוואָרען פערטריבען,
האָב איך מיך געבעטען אין אכסניא
צו זיין אין איטאַליע, אין שפּאַניע.
איך האָב ערשט דערשפּירט מיין פּיין,
ווי שלעכט עס איז אַהן פליגעל צו זיין;
געריסען מיר פעדער פאַר פעדער,
אַז איך דאַרף גאָר בלוט צום סדר —
אַן אינקוויזיציע האָבען זיי אויסגעקלערט,
און האָבען מיט דעם מיין אמונה געשטערט;
מיט רציחה און מיט רשעות
גע'משפט מיט ארבעה מיתות —
מיט'ן נפש און מיט ממון
ווי אין גלות בבל—המן, — — —
ביז זיי האָבען מיין קאָמפּאַניע
פערטריבען פון אכסניא.
איך האָב דאַמאָלס אַלע שלעכטעס אַנגעזעהן;
איך געדענק נאָך אַלע טעג —
יענע וועג —
דאָס איז ביי מיר א צווייטער חורבן געוועזן.

6

— די פויגעלעך, וואָס זיינען מיט מיר אין לאַנד,
האָבען געוואַשען איהר פּנים מיט שאַנד.
זיי דענקען, אַז דעם חסרון,
האָט זי צייט איהר געבאָרען.
האָבען פערגעסען איהר מלוכה, איהר כבוד;
האָבען פערגעסען איהר מלכות בית דוד.
זיי מיינען אַז צייט איהר גלויבען
האָט זי קיין מאָל קיין קאָפּ אויפגעהויבען,
און זי האָט געשריען פון צער, פון נויט, — —
— איך געדענק מיינע פליגעל יונגערהייט:
די נבואה מיט די כהונה;
דער משכן פאַר די שכינה;
די מלכים מיט די קרוינען;
ציון מיט לבנון;
מיניסטאָרען און גענעראַלען,
אין שאַרפען שווערד געפאַלען.
מיינע חכמים מיט מיין גאַנץ גרויסען פּלאַהר, —
היינט איז מיר געוואָרען
מיינע פליגעל אָפּגעשאָרען —
שוין העכער אַז אכצעהן הונדערט יאָהר.

7

אַז איך בין שוין אין פּוילען געקומען —
האָט זי מיר אין אָנפאַנג שעהן צוגענומען.
איך האָב מיר געטרייסט אויף פריהעריגע צייטען,
געהאָפט שוין צו לעבען ווי לייטען.
אָבער דאָס איז אויך געווען צופלייסען, —
זי פלעגט מיר נאָר מיינע פעדערען רייסען.
דעם קרענדעל וואָס זי האָט מיר געגעבען,
האָט מיר געקאָסט מיין גאַנצעס לעבען.
ווי עס האָט איהר דערזעהען דער ווירט פון לאַנד
איהר צער בעמערקט, געזעהען איהר שאַנד,
האָט ער איהר געשטעלט צווישען בלומען,
געלאָזען די זון צוקומען,
און זיי האָט ער בעצאָהלט געשווינד,
ווי זיי האָבען קענגען איהר פערדיענט.
איך האָף שוין ווידער אויך צו פליהען אין דער הויך,
עס שפּראָצט מיר שוין פליגלען אויס,
איך וועל שוין זיין ביי אייך
מיט אַלע פויגעלאך גלייך,
א שפּיעל־פויגעלע ביי דעם ווירט אין שויס.

---

## זאָגט קדיש נאָך דער וועלט

1

מלאכים פון הימעל און מענשען אויף דער ערד,
ווען האָט איהר עס געזעהן, ווען האָט איהר עס געהערט
אַזאַ שלעכטע צייט,
אַז יעדער רק שרייט,
— געוואַלד ברידער! די וועלט איז אומגעקעהרט!
האַנדעל און געשעפטען,
ציהען שוין קיין פּראָפיט,
מען האַרעוועט מיט אַלע קרעפטען,
און קיין חיונה ציהט דאָס ניט.
פאַר א שאַרף פון א מעסער
כאַפּען זיך אָרעם און רייך, —
דער שנים אין האַנד ווערט גרעסער,
און מען טרינקט זיך פאַרט אין טייך.
מען הערט נאָר „אוי“ פון יעדען מויל,
מען זעהט נאָר צורות שוואַרץ ווי קויל,
דאָ איז צרות, דאָ איז שלעכט,
דאָ א זיפצן און דאָ א קרעכין — אַי! אַי!
יעדען מענשען רק עס פעהלט, —
דעם — קרעדיט און דעם פעהלט ברויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט.

2

דער סוחר, וועלכער האַנדעלט קיין קעניגסבערג,
קיין בערלין,
בעקלאָגט זיך אויף דעם טעלעגראַף — אויף דעם
באַהן־מאַשין.
דען דאָ ווייס מען באַלד,
דעם פּרייז ווי דאָרטען האַלט;
היינט וואָס קען מען פּראָפּעטירען שוין דערפון?
אַ קרעמער קען זיך היינט ניט קליגען
זיין סחורה זאָל עטוואָס בליהען,
אַז א סחורה ווערט געשטיגען,
מען זאָל קענען אויפ'ן מקח ציהען.
דען דער צווייטער לייענט אַ דעפּעש,
קומט שוין מיט דעם באַהן.
עס דויערט נאָר איין מעת לעת —
זיין סחורה איז שוין דאָ פאַראַן,
דער קרעמער געהט דעם נאָז אַראָפּ,
און דער סוחר אַהן א קאָפּ.
דער האַנדעל שרייט „לאָז מיך געמאַך“,
און קרעדיטען ווערען שוואַך,
יעדען סוחר מאַנגעלט געלט;
אין פּרייסען ווערט שוין ניט געטרויט,
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט!

3

פאַדראַטשיקעס געהען היינט ארום מיט הוילע הענט:
עס קומען גאָר צום טאָרג מענשען אומבעקענט,
און לייגט דעם טאָרג אין דער ערד,
מיט זיינעם א קאָנוועט,
ווארפט פון סמעטע אַראָפּ פופציג פּראָצענט,
אָבער עס געהט אָפּ עטליכע טעג,
ער רעכענט זיך איבער דעם פּלאַן,
ער פערשטעהט ער האָט געלייגט זאַלאָג,
אויף צו זיין אַן אָרימאַן.
ער לויפט צום אינזשינער,
דעם קאָפּ איהם צו פערשווינדלען
מיט אלערליי מיטעל צי הין צי הער,
טאָמער וועט ער זיך לאָזען קינדלען.
די גאנצע צייט דער קאָפּ איהם דרעהט:
ער לויפט, ער שוויצט, ער פאלט, ער געהט;
דאָ ווערט די פאבריקע גערעווערירט,
ווערט אין גאנצען געבראַקירט, —
און דאָ שמעקט מען מיט פרעמדע געלט.
פון אלע קאנטען דריקט דער נויט,
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאנצע וועלט איז טויט.

4

אָבוואַטעלעס שרייען היינט: וואָס איז איצט פאר
א וועלט! —
פון יעדען שכן קומט שוין פאר צוויי יאָהר דירה געלט,
אַז עס טראָגט איין די וועגט,
קיין הוילע פינף פּראָצענט,
טאָ וואָס לוינט אונז וואָס מען מידעט זיך, מען קוועלט?"
פאר מלוה'ם איז די צייט צוקראָכען,
אָ לוה מוז מען גאנץ גוט קלערען,
מען צאָהלט איין צוויי דריי וואָכען,
און דער פּראָצענט עסט אויף דעם קערן.
פאר דעפּוטאַטען איז דאָס אויך קיין יאָהר,
זיי מוזען מיט אלעמען שרייען
אטשערענדע צו לויפען פון נאָבאָר,
און זיי מוזען אטוועטשייען
דער פּראָסטער עולם זידעלט,
מען וויינט, מען קלאָגט, מען שרייט, מען שילט,
דאָ ווערט דער פאָליש שבת פול,
מען ארעסטירט די קריאה אין שול.
מען וואָלט ראַטירען די שטאָדט מיט געלט,
גאָר נישטאָ פון וואנען, מען לעבט אין נויט;
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאנצע וועלט איז טויט!

5

דער געשעפט פון שפּייז-קרעמלעך זינקט שוין אויך
אין תהום,
וואו מען ווארפט א שטיין געפינט מען דאָרט א קראָם,
לייזונג פליהט ווי פוך,
נאָר געלט נאָך ניט אַדוך, —
דער סוף איז, אַז מען בלייבט ביים הוילען בוך.
א שיינקער ביי היינטיגער צייט,
זיין געלט, כ'לעבען, איך זשאַלעווע,
די וואנט ווערט פול מיט קרייט,
די קאיפעלע ווערט רק יאַלעווע.
בעטראַכט די רעסטראַציאָנען,
וואו עס שטעהען טישען ברייטע.
מען עסט אָן צעהן פּאָרציאָנען
און מאכען נעבעך פליטה.
אין טראַקטירען איז אויך ניט בעסער:
קומען חברה זויפער, פרעסער, — —
מען נעהמט קאָטלעטען, בראָנפען, ביער, — —
מען געהט אַרויס דורך א הינטער טהיר,
ווערט א דראָקע קאָסט שוין געלט,
פאַר יעדער טרעוואָגע שרעקט די הויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט, —
די גאנצע וועלט איז טויט.

6

דער בעל מלאכה ווען ער בעקומט ארבייט ווערט ער
אויסען זין —
ער האלט זיך מיט דער ווייב אן עצה, וואו טהוט מען
דאָס אַהין? —
צי אין קרעמעל עטוואָס געבען,
צי שכר לימוד פאר דעם רבי'ן?
דער קאָפּ דרעהט ווי אָ ראָד פון א מאַשין,
עס איז גאָר ניטאָ איז שוין גלייכער:
פערשפּאָרט מען זיך צו מאטערען;
פאַראַנען פופציג לעכער,
וועמען זאָל מען דאָ פריהער פטר'ען.
דער בעל הבית פון דער דירה שרייט,
ער נעהמט די פערינקע זאַלאָג,
און דאָ איז דאָס ווייב אויף דער צייט,
מען ריכט זיך שוין אַלע טאָג,
און די קאָפּאָטקע איז צוקראָכען,
מען טראָגט דעם שבת אום דער וואָכען,
און די קינדער, די קליינע ערבות,
געהען נעבעך נאַקעט, באָרוועס;
קיין האַלין ניטאָ, מען פריהרט אין קעלט,
ווי בוריקעס די פּיסלעך רויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט, —
די גאַנצע וועלט איז טויט!

7

אַמאָל פלעגט א לאַנד-שדכן פאָהרען אויף דער וועלט,
און פלעגט פערדינען פון ליגענס, וואָס ער האָט
פאַרגעשטעלט;
היינט די ליגענס, די ענינים, — —
זאָגען נאָר מחותנים, —
פאר וואָס זשע קומט נאָך איהם שדכנות-געלט.
א סאָרווער ביי היינטיגע יאָהרען,
איז אויך ניט קיין וויגאָדע,
א בעל שמחה אז ער וויל פערשפּאָרען,
זאָגט ער „אָ וועטשערע איז היינט אוים מאָדע".
וואָס קען זיך שוין מיין ווייב פרעהען,
אַז איך קום פון אַזאַ חתונה?
אַז אויף א טאַנץ זעה איך נאָר צווייען, —
נאָר א מיידעל מיט א קרינעלינע,
דערצו געהען נאָך צוואנציג נדבות בעטען,
דאָ בעט דער פאר די בילעטען,
דאָס א קעכין שווארץ ווי די יושקעס;
און דאָ א איד מיט צוואנציג פושקעס,
ניט מוזיק פערדינען געלט,
ניט דער בדחן האָט קיין ברויט.
זאָגט קדיש נאָך דער וועלט,
די גאַנצע וועלט איז טויט!...

1852

## דאָס ליעד פון זייגער

זאָג מיר דו גאָלדענע אוהר,
מיין פראַגע הער נאָר צו.
וואָס איז ביי דיר פאַר א נאַטור,
וואָס דו האָסט קיינמאָל קיין רוה?
ביזט געזעצט מיט בריליאַנטען,
דיר טראָגען נאָר פראַנטען;
דיינע איידעלע געווערען
טראָגען מיליאָנערען.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

2

ווי איידעל זיינען דיינע גליעדער,
ווי דין יעדער צייהנדעלע איז.
די רעדעלעך, די שפּרענזשינקעס, די פעדער,
געמאַכט, געבראַכט אויס פּאַריז.
מיט גאָלד צוגלייך,
ביזטו טייער און רייך,
אז מען עפענט דיר אויף
פינקעלט דיין גוף.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

3

מען שעצט גאָר דיר פאַר א גליק,
ווער עס טהוט דיר נאָר קריגען;
אז ער גיט נאָר אויף דיר א בליק
איז דאָס זיין גאַנצער פערגעניגען.
ער געהט ניט א טריט,
וואו ער האָט דיר ניט מיט,
ער היט זעהר דיך;
ער האלט דיך ביי זיך.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

4

שטאָלצירסט אויף דער גאַנצער וועלט
ביי אלע גרעסטע מאַגנאַטען,
מען בעצאָהלט פאר דיר גאָר דאָס געלט,
מען שמועסט פון דיר מיט דוקאַטען;
מיט מלכים, מיט דאַמען, —
ביזטו צוזאַמען;
אויף בעלער, אויף קאָנגרעסען, —
ביים טאַנצען, ביים עסען. —

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

5

טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.
אז מען פאָהרט אָפּ אויף אייניגע טעג,
מען לאָזט אין דער היים הויזגעזינד,
דיך אָבער נעהמט מען מיט אין וועג,
בעסער ווי פרוי און קינד.
דו ביזט דער פּראַוואַדיר,
מען פאָלגט נאָר רק דיר.
ווען רוהען, ווען געהן,
ווען פאָהרען, ווען שטעהן.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

6

מיט'ן דאָקטאר באַנאַנד,
בשעת ער גיט די מעדיצין,
ער האלט דעם דופק אין האנט,
און האָט דיר דערביי אויך אין זין.
געשריבען אויפ'ן רעצעפּט,
וואָס אָן פלעשעל געקלעפּט:
צו נעמען מיט א שטייגער,
צו קוקען אויפ'ן זייגער.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

7

א שידוך איז אויך אָן דיר בעלאַנגען,
אָן דיר א פולע געווענדט.
מען טהוט דיר צום ערשטען פערלאַנגען,
מען שיקט דיר צום ערשטען פּרעזענט.
דו ביזט דער שליח ביי כלה וחתן,
מען שיקט שוין נאָך דיר — ווערט דער שידוך געשלאָסען.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

8

סוחרים וואָס האנדלען אויף קרעדיט, —
געשעפטען וואָס בעטרעפען מיליאָנען;
היטען דיין שעה, דיין מינוט
טערמין, — מען זאָל ניט דאַרפען מאָנען.
צו אלע טערמינען
האלט מען דיך אין זינען.
ווער עס באָרגט, ווער עס לייהט —
צו בעצאָהלען צו דער צייט.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

9

אויפ'ן מאַשין מיט די אייזערנע קאָלעען,
לעבסטו גוט מיט די קאָנדוקטאָרען;
דו זאָגסט וויפיעל מינוט ער זאָל שטעהן,
און ווער ער זאָל ווייטער פאָהרען.
וואו מען פערקויפט בילעטען,
שטעהסטו אויף פּיקעטען.
אז דו ווייזט, אז עס איז שפּעט,
איז שוין ניטאָ קיין בילעט.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאָרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

10

בעלי מלאכות — אָרענטליכע לייט —
פֿאַלגען דיר דיינע פערזאָגען,
דו ווייזט זיי, דו זאָגסט זיי די צייט,
צום שעה די ארבייט אָפּצוטראָגען.
ביינאכט, ווידער זאָגסטו זיי די צייט, ווען זיי טהוען,
ווי שפּעט צו טהאָן און וויפיעל צו רוהען:

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאַרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

11

ביי בעלער האָסטו צו שאפען,
אַלע טראָגען זיך מיט דיך.
די גרעסטע קניאזען און גראַפען, — —
האַלטען דיר אין בוזעם ביי זיך.
מיט גאָלדענע קייטען ווערסטו פערשפּילעט,
דער שנור אויפ'ן האלז דער קרוטשיק צום זשילעט.

רעפריין:

טאָ זאָג זשע מיר, ענטפער מיר דיין זאַרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
טאָ זאָג זשע מיר, א. ז. וו.
שוין צייט, שוין צייט זאָלסט מיר זאָגען
אויף אַלע פראגען, וואָס איך פרעג,
וואָס דו ביזט צוטומעלט, צוטראָגען
און געהסט זיך דיר פאר זיך דיין וועג.
ביזט טייער, ביזט איידעל ,א קוראַנטע סחורה,
וואָס זשע האָסטו אין זיך אַזאַ מרה שחורה.

רעפריין:

נו, זאָג זשע מיר שוין, ענטפער שוין-דיין זאַרג, דיין שמערץ, —
וואָס איז דיר, וואָס פעהלט דיר, וואָס קלאַפּט דיר דיין הערץ.
נו, זאָג זשע מיר, א. ז. וו.

---

## דער פוסטער פראַנט

1

איך בין זיך מיר א פראַנט
פון דער נייער וועלט;
מיט האנדשוה אויפ'ן האַנט,
דאָס הערצעלע אויסגעשטעלט;
א רעקעלע, ווי א שררה,
מיט גומענע קאלאַשען,
דאָס איז נאָר די צרה:
וואו נעהמט מען דאָך דעם גראָשען?

2

די הערעלעך צו פערקאמען,
עס בלישטשעט, עס פערבלענדט;
איך געפעל מיר אלע דאַמען
מיט מיין קאָמפּלימענט;
אַ מנישקעלע א קלאָרע,
אַ קעלנערל ווי אַ חתן,
דאָס איז נאָר די צרה:
וואו נעהמט מען פּאַרט דעם גראָשען?

3

איך מאַך דאַמען אַ וויזיט,
וועלכע האָבען ניט קיין מאַנען;
איך רעד מיר אין דער מיט
פון ליעבעס, פון ראָמאַנען;
איך דערמאָהן זיי געטהע, שיללער,
כאָטש איך האָב אין דעם קיין ידיעה,
דאָס איז נאָר דער פעהלער:
וואו נעהמט מען די מטבע?

4

מיין פּאַפּיראָס איז אויך א שפּיצעל,
דאָס נאָר איך אָפּ די קישקע;
אז פון העמד איז ניטאָ א פּיצעל,
פערשטעלט דאָס די מנישקע;
אז די שטיוועל איז צופליקט,
פערשטעלט עס די קאלאָשען;
עס וואָלט מיר גאַניץ גוט געגליקט,
די צרה איז פּאָרט דער גראָשען!

5

וויעגען זיך האָט א מעלה,
אָבער א חסרון אין דער מיט:
אַז מען וויעגט זיך דורך אַ ווײילע
בעקומט מען אַפּעטיט.
איך וואָלט א מיטעל קריגען
דעם הונגער צו פערשלאָגען,
ווען ניט וואָס טויג דער וויעגען.
אז מען קען ניט דעם הונגער פאריאגען.

6

וואָלט איך נאָר האָבען געלט,
וואָלט איך מיר לעבען א פּראַכט;
איך וואָלט ניט דארפען ליידען קעלט
און הונגערען טאָג און נאַכט;
איך וואָלט לעבען ווי א שררה
און אַלדאָס גוטס גענאָסען;
דאָס איז נאָר די צרה,
וואָס ס'איז ניטאָ קיין גראָשען.

7

איך וואָלט געוואָרען א מאַן
פון א שעהנער פרוי,
זי זאָל שפּיעלען פּאַרטעפּיאַן
און זאָגען „באָן זשור מאסיו“;
איך וואָלט איהר רופען פלאָרע,
דעם וואהרען נאָמען פערשטעלט;
דאָס איז נאָר די צרה:
גוואַלד! וואו נעהמט מען געלט!

8

אַ דירה האָב איך געוואָלט
צו וואוינען אין געפוצטע זאַלען;
אויף פּעטערבורג געמאָלט,
אוי, בין איך אַ בעלן!
אויפ'ן פענסטער א גארדין,
בראָנזעטקעס אויך גענאָסען;
אָט דאָס איז דער גזר דין,
וואָס ס'איז ניטאָ א גראָשען!

9

אין א טהייערען עקיפאזש
וואלט איך געפאהרען אין טהעאטער
און זיצען אין בעל־עטאזש
לעבען גובערנאטאר;
איך וואלט האלטען א לארנעט,
בעטראכטען שעהנע דאמען;
דאס איז נאר דער חטא,
ווי קלייבט מען געלט צוזאמען!

10

אין אקע וואלט איך געשפּיעלט,
אין קאן א רובעל געשטעלט,
אין אז א קערטעל גילט
איז צוואנציג ניט קיין געלט;
נארוסען וואלט טרעפען פעק,
אמאל נאך אויך פאר קעניג:
נאר וואס הרג'עט מיך אוועק,
וואס איך האב נאך ניט א פעניג.

11

אויף מאסקאראדען וואלט איך גלאנצען,
מיט האנדשוה, מיט א פראק;
מיט דאמען וואלט איך טאנצען
קאדריל און קראקאוויאק;
איך וואלט לויפען גרינג און ראש,
איך וואלט ווייזען מיין השלמה;
נאר עס איז ניטא אין טאש,
א גראשען ביי דער נשמה!

1852

## דאס ליעד פון אויג

1

זאג מיר, דו אויג, איך פרעג נאר דיר,
דו ביסט דאך געשעצט אין דער וועלט.
ביסט טייער, ביסט איידעל, ביסט שעהן אהן א שיעור,
ביסט גלייך ווי א פענסטער אין געצעלט.
דו שטעהסט איהם אין קאפ ווי א פיקעט אויפ'ן טורעם,
פון שטיינער, פון גריבער ביסטו איהם א שירעם.
ביסט קלאר ווי קריסטאל, ווי דימענטען פיין,
איידעלער פון די אויג קען שוין ניט זיין.

רעפריין:

טא זאג מיר, דו אויג, וואס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
א טרעהר.

טא זאג מיר, דו אויג, א. ז. וו.

2

ווי שעהן, ווי רייך דו זעהסט אויס אין גאנצען,
ווי א דימענט אין א גאלדענעם רינג.
דער שווארצאפּעל אין מיטען טהוט אין דיר טאנצען,
עס לויפט און בעטראכט אלצדינג.
קיין פויגעל, קיין קויל לויפט ניט ווי דו,
געשווינדער פון אלע, דו אויג, ביסטו.
אומעטום א בליק און גלייך בעטראכט,
ווער פערמאגט עס, ווער קען עס, ווער האט עס
די מאכט.

רעפריין:

טא זאג מיר, דו אויג, וואס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד, רינט פון דיר
א טרעהר.

טא זאג מיר, דו אויג, א. ז. וו.

3

פאר וועמען איז טהעאטער מיט אלע אקטיארען,
שפּיעלען ראלעס א פראכט.
פאר וועמען איז זיידענס אין אלערליי קאלירען,
אין דעשענעס אין צווייגען געמאכט.
פאר וועמען איז בלומען וואס וואקסען אין גארטען,
אנגענעהמע רויזען, וואס געפינען זיך דארטען.
דעם בלינדען מענשען נוצט דאך עס ניט,
נאר פאר דיר, דו אויג, פאר דיר איז דאס גוט.

רעפריין:

טא זאג מיר, דו אויג, וואס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
א טרעהר.

טא זאג מיר, דו אויג, א. ז. וו.

4

די געמאהלטע פאקאיקעס אין אלערליי קוויטען,
פאר וועמען איז מעהר ווי פאר דיר.
די טייערע בילדער וואס קאסטען דוקאטען,
געזיכטער אויף געגילטען פאפיר.
פייער צום לייכטען, גאזע צום ברענען, —
אלע זעהען דיר און דו זעהסט יענעם,
אהן דיר איז דער מענש געצוואונגען אין פרעס,
ווען די אויג פעהלט, חלילה, איז ער גלייך צו א מת.

רעפריין:

טא זאג מיר, דו אויג, וואס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
א טרעהר.

טא זאג מיר, דו אויג, א. ז. וו.

5

זילבער פערעל, טייערע בריליאנטען,
פאר וועמען איז מעהר ווי פאר דיר.
נייע מאדישע קליידער וואס טראגען נאר פראנטען
אין פערגעניגען פון געמיינעם ביז דעם גביר.
פון א שעהן ליעב קינד, ווער האט הנאה,
דעם שמייכעל, די מינע, די איידעלע המצאה, — — —
אין אלע תענוגים וואס קומט נחת צו
ווער קוקט עס, ווער זעהט עס מעהר ווי דו, —

רעפריין:

טא זאג מיר, דו אויג, וואס איז מיט דיר דער מעהר,
אז ווען דו לאכסט מיט גרויס פרייד רינט פון דיר
א טרעהר.

טא זאג מיר, דו אויג,

6

ווי וואלט דער מענש וויסען ווען טאג און ווען נאכט,
ווען דו וואלסט איהם ניט אנגעזאגט
ווען די זון, די לבנה לייכט לויטער א פראכט,
ווען ווען זיי א וואלקען פערשלאגט.
דער קאלירטער רעגען־בויגען וואס וואונדער צו זעהן,
דער פייערדיגער בליץ וואס גיט פלוצלונג א ברען,
די זון, די לבנה מיט די פרעהליכע שטערען,
פון וואנען וואלט ער וויסען ווען ניט דעם אויג'ס
ערקלעהרען.

רעפריין:

טאַ זאָג מיר, דו אויג, וואָס איז מיט דיר דער מעהר
אַז ווען דו לאַכסט מיט גרויס פרייד, רינט פון דיר
אַ טרעהר.

טאַ זאָג מיר, דו אויג, א. ז. וו.

---

## אידישע שדוחים

אידישע שדוחים ווער עס ווייס
ווי אזוי א איד א שידוך טהוט,
דאָס טרעפט זעלטען ווען
אַז די שדוחים זאָלען זיך אויסלאָזען גוט.
עס קומען די שדכנים
מיט דעם פאַלשען פנים
און שטעלען זיי פאַר א גרויסען גליק,
זיי טהוען זיך ניט באַדיינקען,
אַז עס וועט זיי שפּעטער קריינקען,
אַז זיי נעהמען זיך אויפ'ן האלז און שטריק.
קוקט נאָר מענשען ווי די עלטערען ביידע
פיהרען דאָרט א טאָכטער א כלה צו דער עקידה,
די אויגען איז פאַרבונדען,
די הארץ איז פול מיט וואונדען,
און דער טאַטע געהט נאָך ביי דער זייט,
נאָך א פאַר מינוט
צי שלעכט אָדער גוט,
און די חרטה קומט שפּעט נאָך דער צייט.

---

## אטלעס

1

איך אַטלעס דאַרף דאָך קלאָגען
אויף היינטיגע יאָהרען;
אַ חרפּה איז צו זאָגען,
וואָס פון מיר איז געוואָרען.
עס איז מיר נאָך עד הנה
אַזוינס ניט געשעהען,
די צייטען די געמיינע
האַלטען מיר אין פלען.

2

איך מעג זיך שוין שווערען,
אַז מען וועט מיר פערהאַסען,
פון מיר וועט אַזוי ווערען
ווי פון ראַצע מארע אין פאַסען;
גלייך ווי די מאָדע
איז אַריין צו די אביונים,
זיינען זיי פון הכבדה
געבליבען אָהן תחתונים.

3

עס פלעגען געהן אין ראַצע מאָרע
גאָר די רייכע פּאַן,
איז אַריין דערינען אַן עין הרע,
דער פראָסטער האָט זיך אָנגעטהאָן;
היינט ליעגט זי אין דער ערד
מיט איהרע פאַסען די פיינע,
זי האָט שוין אַזאַ ווערטה
ווי נאָך סוכות א הושענא.

4

אַז איך דערמאָהן זיך די פאָריגע צייט,
ציטער איך ווי א בלאַט;
מיך האָט געטראָגען דער גרויסער לייט,
פאַר מיר האָט מען בושה געהאַט.
אַז איך בין אין שוהל אַריין,
אַלע, גרויס און קליין,
האָבען זיך פאַר מיר געשטעלט,
איז געוועזען צו זעהן א וועלט.

5

פילצטוך, פּראַס און וואָל געוואַנט
האָבען זיך אייביג געשעמט פאַר מיר,
איך בין געשטאַנען אין מזרח-וואַנט
ביים רב אָדער ביים גביר;
היינט בין איך אין גלות
ביי דעם אָרימאַן;
פּרופט זוכט מיר אין פאַליש,
בין איך שוין אויך פאַראַן.

6

פילצטוך, פּראַס און טוך,
איך דאַרף זיך היינט שעמען,
נעהמט אייך א ראיה פון מיך,
ווי מען דאַרף זיך ניט איבערנעהמען.
איך האָב אויך אַמאָל געשטיגען,
אַטלעס איז געוועזען קיין שפּאַס;
אויב איהר ווילט היינט אטלעס קריגען,
טאַ זוכט אין שוסטער גאַס.

7

צו מיר האָט געהאַט גוסט
א מענש מיט א קאַפּיטאַל,
האָט מען מיך ניט געמישט
מיט אַן אַנדער מאַטעריאַל;
און איצט איז אַראָפּ די פּרייזען,
איז מען מיך מנבל;
אַז מען דאַרף מיך וואָלוועל לייזען,
מישט מען מיך מיט באַוועל.

8

אַז דער פראָסטער וויל מיך קויפען,
זוכט ער נאָר בחנם,
עס קומען אַריין צו לויפען
אַלער האַנט מבינים,
ווער עס געהט א קאַצובייקע
קראַצט אויף מיר די פּאַה,
ווער עס געהט מיט א קרייקע
זאָגט אויף מיר א דעה.

9

די, וואָס פערקויפט באַב,
מאַכט פון מיר א מארק,
אויב איך בין אין גאַטונג גראָב,
זאָגט זי, אַז דאָס איז שטארק;
וואָס מען טהוט מיך מיט באַוועל מישען,
דאָס קען זי ניט פערשטעהן,
היינט פון וואַנען זאָל זי וויסען,
אַז זי האָט מיך קיינמאָל ניט געזעהן.

10

ווייל זי איז פערבלענדט,
גיט זי מיר צום נאַז א שמעק,
זי גראַבעלט מיר מיט די הענט,
ביז עס ווערט א פלעק;

הײנט ווי זאָל זי מיך ניט ציהען
מיט די נעגעל וואָס שטעכען ווי נאָדלען,
אַז זי האָט דאָס געלט געליהען
ביי אַ מלוה אויף אויסצוצאָהלען.

11

באמת בעט איך אייך,
קוקט ניט אויף מיינע חסרונות;
קוקט בעסער אויף אייך,
אויף אייערע חורבונות.
איז דאָס ניט אַ שטראָף,
אַז אַזוי אַן עדעל צייג
טאַפּען זיי ווי אַן עוף,
וואָס זיצט פערשפּארט אין שטייג.

12

הענגען ביי אייך אין חדר
איז געוויס פאר מיר אַ שאַנד,
איך פּאַס צו אייערע קליידער
ווי אַרבעס צו דער וואַנט.
איך מעג אייך דעם סוד אויסזאָגען,
אַז דאָס געלט וועט אייך צוקוועטשען,
וועט איהר מיר אין קורצען טראָגען
אין גוטען אָרט פערזעצען.

13

אויף דעם טהייערען זייד
וואָס די ווערים שפּינען,
דאַרפט איהר האָבען מיטלייד,
וואו ער טהוט זיך היינט געפינען.
דאָרט וואו עס שמעקט דער דלות,
וואו מען וואוינט אין פּוסטינעס,
מאַכען זיך דאָרטען
זיידענע בודינעס.

14

אַז אַ חכם פאַלט אַריין
צווישען נאַראָנים,
אַז אַ קצין פאַלט אַריין
צווישען אַ חברה קבצנים,
אַז ס'פאַלט אַריין אַ בר מעלה
צווישען גראָבע יונגען,
מעגען זיי גלייך אַלע —
דאָס ליעד פון אַטלעס זינגען.

1860

## די בלום

1

וואו אַלע פאָהרען אין מיטען וועג,
ליגט דאָרט אַ טייערע בלום;
עס ליגט און פוילט איינינע טעג,
דער ווינט וואַרפט איהר אַרום.
זי שרייט און וויינט מיט גרויס געבעט:
פאַמעלעך, זעהט ווי איהר געהט.
האָט רחמנות, זעהט איהר צוטרעט
אַ בלום מיט אַ פּרעכטיגען קוויט;
רחמנות האָט ווער,
קומט נאָר אהער
הויבט אויף אַ בלום וואָס זי גלאַנצט,
טראָגט מיך אַהין,
פון וואַנען איך בין, —
וואו מען האָט מיר צום ערשטען געפּלאַנצט.

2

אַז איך זעה איצט בלומען פון יעדער זייט
גיעסט פון מיר טרערען אַ טייך,
איך דערמאָן זיך מיין גליק פון די פאַריגע צייט,
געווען מיט אַלע בלומען צוגלייך.
אין קייזערליכען גאָרטען ווען איך האָב געבליהט
און די זון האָט מיר ליכטיג געשיינט,
צעהנדליגע דיענער האָבען מיר געהיט —
טו זעה נאָר דעם סוף פון מיר היינט:
דער טרעט און דער קוועטשט,
צואַווייקט און צונעצט,
די בלעטער אַראָפּ פון קאַליר,
איך ליעג אויפ'ן מיסט,
דער רעגען ער גיעסט,
עס איז גאָר קיין רחמנות אויף מיר.

3

ווי די בלום וויינט דאָ און שרייט,
עס צונעהמט יעדען מענשען זיין הארץ,
קומט אַן אַ „מלאך" גאָר פון דער זייט
און הערט דאָ איהר שרייען, איהר שמאַרץ.
זאָג מיר, דו בלום, זאָג מיר דעם וואָרט,
צונעהמסט מיר מיין הארץ אָהן אַ ברעג;
וואו ביזטו געוואַקסען, ווי רופט מען דעם אָרט,
ווי קומסטו אהער אויפ'ן וועג?
טהוט זי אַ געשריי:
אוי, ווינד איז מיר, וועה!
צי דו דערקענסט מיר שוין גאָר ניט פון פריהער?
פון ירושלים בין איך,
א י ד רופט מען מיך,
האָב דו כאָטש רחמנות אויף מיר.

4

פאר צוויי טויזענד יאָהר ווען דו וואָלסט מיר זעהן,
בשעת איך האָב מיין מלוכה געהאַט,
וואָלסט זיך אַליין פערוואונדערט ווי איך בין געוועזן,
די שעהנהייט פון מיין יעדער בלאַט;
כהנים, לוים, גענערעלער אָהן אַ שיעור,
איך האָב דאַמאָלס שטאָלצירט אין פלאָר,
דאַן האָט מען פלוצלונג אויסגעריסען מיר,
איך וואַלגער זיך באַלד צוויי טויזענד יאָהר.
וואו איך בין געוועזן
האָב איך רציחות געזעהן,
געריסען מיר גליעד פאר גליעד;
געברענט און געשניטען
און נאָך מעהר צרות געליטען —
נאָר ווייל איך בין אַ איד!

5

אַזוי האָט זיך אַמאָל געוואַלגערט דער איד,
ווי די בלום אויפ'ן וועג מיט איהר צוועט;
דער נעהמט צו זיין כבוד, דער רופט איהם „זשיד",
דער מיט די פיס איהם צוטרעט,
און ער האָט שוין פערלאָרען זיין מוט און זיין טרייסט,
פערלאָרען זיין קראַפט און זיין מאַכט,
מעהר ניט אמונה, דאָס איז נאָך זיין טרייסט
אין דער לאַנגער פינסטערער נאַכט.
אַך, מיין האַרץ
פלאַצט מיר פון שמאַרץ,
דו האָסט דאָך אַמאָל אויך געבליהט;
אַזאַ שעהנער צוועט
יעדערער טרעט,
ווי האָט מען עס קיין רחמנות ניט.

6

ווי נאָר דער „מלאך" הערט איהר דאָ דערמאָהנען
איהר אלטען יחוס פון ציון,
זעצט ער איהר צווישען אלע וואזאַנען,
זי הויבט ווידער שוין אָן צו בליהען,
און ער טרייסט איהר מיט מיטלייד : וואָש אָפּ דיינע
טרערען,
די זון הויבט דיר אָן שוין צו שיינען,
איך וועל דיר חלילה ניט שטערען,
איך וועל דיר נאָך פּוצען און פיינען.
פרעגט זי ביי איהם :
זאָג מיר דיין שם,
לאָמיך וויסען דעם נאָמען פון זיי.
ענטפערט ער איהר :
דער נאָמען פון מיר
איז אלכסנדר קייזער פון ראָסיי.

1860

## שושנה

א.

על אם הדרך שמה מתגוללת
שושנה חכלילת
נהדפת מסער עליה נובלת,
שוכבת פה מיומים.
והיא מתחננת לכל נוסע :
„אנא, אישים חנוני!
שמרו צעדיכם אותי מנגוע
פן ברגליכם תרמסוני!
אנא חנוני!
מעפר הרימוני,
פן אהיה למרמס רגלים;
בידכם שאוני
אל עדן גני,
אל גני מחמד עינים."

ב.

בראותי בגן שושנה נטועה
תשתפך עלי נפשי ורוחי ;
„גם אנכי הייתי מאשרה כמוה
נתתי ריח ניחוחי,
בכרם המלך הייתי פורחת
רוח צח שאפתי,
החרסה ממעל בקרניה זורחת
ועתה ביד נקטפתי,
זה קוטף, זה חומס,
זה טורף, זה רומס,
מאז לא מצאתי מנוח ;
גלמודה שוכבת,
ממטר נרקבת,
נרקבת עד אין בי כח".

ג.

בעוד השושנה מר תיללה
על אבדון תפארת פרחיה,
והנה מלאך יי נצב במסלה,
ממרום שלח אליה.
— „מי את, עניה, מי את
אמללה ?
איפה היית עד כה ?
מתי נקטפת, יד מי בך חלה,
ועתה מה לך פה ?"

ותען השושנה,
בקול מר כלענה :
— אוי לי כי ירדתי שאולה !
מציון אני
יהודה שמי
ועתה הנני בגולה !
זעקי לאלהיך
עד ירחם עליך,
חכי עד יקבצך ציונה
ויחדש ימיך
כימי עלומיך
ולירושלים תשובי ברנה.

ד.

לפני שנות אלפים הייתי
ברוכה,
במלכים הייתי הגברת :
בידי אז שרביט המלוכה
על ראשי — כתר תפארת,
מלכים משחתי מגזע יהודה
ואהרן — כהני אל
ועתה נשארתי שכולה,
גלמודה,
ואין לי מודע וגואל !
לספרד נגלתי,
לדתם נקראתי,
בקנאת הדת אכלוני
הרבו חללי,
זקני ועוללי,
עד כי כלה גרשוני !"

ה.

כשושנה בציה, נדמת
בת־יהודה
ברפש נרמסים פרחיך ;
בזויה את, שבויה, טרופה,
גלמודה,
אין מי ירחם עליך
אבדת עמך, אבדת עזך,
אבדת אף נצח וחיל
אך אמונתך היא תקותך
בארך אישון הליל.

## דער אַלטער פּאָטער

1

אַ ביישפּיעל קען איך אייך מענשען געבען,
דעם סוף פון מיר בעטראַכט אַצינד,
עס איז בעסער אויף דער וועלט ניט צו לעבען
איידער אַנקומען צו אַ קינד.
איך האָב אָפּגעלעבט יאָהרען,
מיט כבוד און מיט געלט ;
געהאַנדעלט און געפאָהרען,
געפיהרט גאַנץ שעהן מיין וועלט ;
פערדיענט כשר מיין גילדען,
מיט קרעדיט, מיט עהרליכקייט ;
געלאָזען קינדער בילדען,
זיי זאָלען ווערען לייט.
מיין גביר'עשאַפט,
מיין גאַנצע קראַפט,
דורך מיינע קינדער ווער איך אָן.
היינט איז פאר מיר
פערשפּאַרט די טהיר,
איך האָב זיך ניט וואו אַהין צו טהאָן.

2

מיינע מעבעל האָט ווי גאָלד געלויכטען,
מיינע בעטגעוואַנט איז געווען ווי זילבער פיין,
די פּאָקאָיעס געמאָלט מיט שעהנע פרוכטען,
איך האָב געמיינט עס וועט אייביג אַזוי זיין ;
און היינט שלאָף איך מיט דוחק,
ביים זוהן אין די קאַלטע קיך,
טשאַדנע איז דאָרט און רויכיג,
אַז דער הוסט דערשטיקט שוין מיך,
אין זאָל וואו עס שטעהן די שטולען,
לאָזט די דיענסט מיך ניט אַריין,
— „ער וועט איינריכטען די דילען,
אָט דער אַלטער שוויין !"
איך שטעה ביים קיך,
און וואַרעם מיך,
קומט אַריין די שנור און מאַכט מיר דול.
זי שרייט שוין באַלד,
מיט קולות — „גוואַלד,
אין אַלע טעפּ איז שוין דער אַלטער פול."

3

פאַר קינדער האָב איך מיין האַלז געשניטען,
געוואָרען גראָה און אויסגעדאַרט ;
ברידער ! גאָט זאָל אייך בעהיטען,
אַזוי אָן עלטער ווי איך האָב זיך דערוואַרט ;
איידער איך האָב ערצויגען,
מיין קינד מיין בכור אַליין,
האָב איך צופוילט די אויגען,
פון טרעהרען, פון געוויין.
רובעלס איז געשוואומען,
און קרעפּטען ווערט מען אָן,
איידער זיי בעקומען,
אין מויל דעם ערשטען צאָהן ;
די פּאַקעלער,
די מאַזעלער,
דער טאַטע שטעלט זיין לעבען איין אין קאַן,
היינט טרייבט מען מיך
אַרויס פון קיך,
איך האָב זיך ניט וואו אהין צו טהאָן.

4

מיין זוהן, אז איך גיב אוועק אין חדר,
מיט פערגעניגען בין איך געוועזן זאט.
מיין טאָכטער אַז זי פלעגט אָנטהאָן נייע קליידער,
וואָס פאַר אַ נחת דער טאַטע האָט געהאַט;
פלעגט זיי וועה טהאָן אָן אבר,
טהוט מיר נאָך מעהרער וועה,
געוואונשען זיך דעם קבר,
נאָר אָן אויסבייטונג פאַר זיי,
געלאָפען צו דאָקטוירים,
ווי אַ פאַר'סם'טער פיש,
אין בית עולם אויף די קברים,
דערוועקען דאָרט אַ זכות.
— זוהנינקע!
— טאָכטינקע!
ווי קענט איהר זיין צו מיר אַזוי פיעל פרעמד? —
זעהט! פערשטעהט!
ווי דער טאַטע געהט,
אָהן אַ פיצעל שוך און אָהן אַ העמד.

5

מיין פריהלינג האָב איך פערבראַכט וואָס פרייער,
אין מיין זומער האָט מיר אויך די זון געשיינט;
אין מיין הערבסט ברענג איך אַריין אין שייער,
אָך, ווי שלעכט מיין ווינטער געהט מיר היינט!
מיינע טייכען איז פערפראָרען,
דאָס בלוט אין די אברים שטעהט;
דאָס פעלד פון מיינע יאָהרען,
איז גראָה און ווייס פערשנעעט;
די בלעטער פון מיין עלטער,
איז געל פון ליסטאָפאַד;
מיין קינד איז מיר וואָס קעלטער,
ווי אַ פראָסט פון צוואַנציג גראַד,
איהר יונגער דור!
בערעכענט נאָר,
איהר וועט אויך אַמאָל ווערען אַלט,
דער פראָסט ער ברענט,
איהר וועט הויכען די הענט,
און אייערע קינדער וועלען צו אייך זיין קאַלט.

6

מיין זוהן שיקט מיך צו די טאָכטער,
נאָר ביים איידעם בין איך אויך ניט קונה שם,
דעם גאַנצען טאָג זידט ער און קאָכט ער,
אָך, ווי איבעריג בין איך עם.
די יונגען אויך מיר האַלטען,
ווי דער איידעם האַלט דעם שווער, —
מען וואַרפט זיך מיט דעם אַלטען,
דער אַהין און דער אַהער.
פערטריקענט איז מיין גומען,
פער'חלש'ט ביז זייגער צוויי,
שווער איז צו בעקומען,
פון יונג אַ גלעזעל טיי.
איך בעט, גאָט, דיך,
ערבאַרעם זיך,
נעהם שוין מיין נשמה צו דיר אַריין;
שיק דיין טויט,
צו מיר אין נויט,
איך זאָל ניט דאַרפען ביי די קינדער זיין.

1861

## דער זומער מיט'ן ווינטער

דער זומער.

דער זומער פאַר'ן מענשען —
ווי ליעב איך בין, ווי טריי,
איך דעק די פעלדער מיט גרינסען צו,
איך מאַך די לופטען פריי.
איך ברענג דעם שעהנעם פריהלינג
מיט אַלע פרעהליכקייט,
ווי שעהן עס איז דאָס גרעזעלע
אין מאַיאָווע צייט.
און דער ווינטער דער מערדער —
ווער איז זיינע געסט?
די שנעען, די טומאַנען
מיט די גרויסע פראָסט.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
זעה נאָר, גוט בעטראַכט
פון די היצען געהט די כוחות אויס —
דער מענש ווערט אָפגעשוואַכט.
די זון ברענט איהם, ווי פייער,
עס איז שרעקליך היים;
שוואַך און שלאָף ווי אַ פליג —
עס גיסט איהם טייכען שוויים;
און ביי מיר איז ער געזונט און שטייף,
ער דאַרף קיין גרויסען קאָסט.
טהוט אָן אויף זיך וואָס מעגליך איז,
שטאָלצירט אין גרעסטען פראָסט.

דער זומער.

דער זומער פאַר'ן מענשען —
ווי ליעב איך בין, ווי בהיר.
אין גערטנער און אין פרוכט-סאַדען —
דער שעהנסטער שפּאַציר;
די פויגעלעך זיי זינגען,
ער ליגט זיך אויפ'ן גראַז;
די בלומען רינגלען איהם אַרום,
דער ריח שמעקט צום נאָז.
און דער ווינטער דער מערדער,
דער פראָסט איז זעהר גרויס,
עס שטערט איהם די פערגעניגען,
קען ניט פון שטוב אַרויס.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
וואָס מאַכסטו זיך אַזוי גרויס.
די פליעגלען, די קאָמאַרעס, —
זיי בייסען שטיקער פלייש.
די עסען דאַרף מען היטען,
עס זאָל מילבען ניט אַריין.
לבד וואָס טאָטשען ביי נאַכט אין שלאָף
מען קען ניט רוהיג זיין,
און ביי מיר איז קיין פליגען דאַ;
דאָס עסען ריין און גוט.
ביי נאַכט ליגט ער איינגעדעקט
און שלאָפט זיך גאַנץ בארוהט

דער זומער.

דער זומער פאַר'ן מענשען
איז דאָך פאָרט ניט שלעכט,
קיין שויב ניטאָ, קיין האַלץ ניטאָ,
ביי מיר איז אַלעס רעכט.
איך מאַך ניט אָן קיין קאָסטען,
בעלייכטונג לאָז איך צורוה.

איך דאַרף קיינמאָל קיין פוטער ניט
קיין פּערענע אויך דערצו.
און דער ווינטער דער מערדער —
ברייננט אוים גאָר די געלט
אַ קאַפּטעלע, א וועגעלע האָלץ, —
מען היט זיך רק פון קעלט.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
בערעכען זיך אַליין.
דער רובעל האָט קיין שפּאָר ביי דיר,
עס מוז ווי זאַלץ צוגעהן.
פערגעניגען און קאָמעדיע
אויב ער נאָר פערזוכט
די שפּעטקען מיט די סעדעלעך
מיט די יונגע פרוכט
און ביי מיר איז דאָס אַלץ פערשפּאַרט
פון שטוב נאָך ניט אַ טריט;
דער רובעל בלייבט ביי זיך אין טאַש,
אז מען זעהט ניט ווילט זיך ניט.

דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען,
זיין האָפענונג איז גרויס,
דער קאָרען אויפ'ן פעלד
ווי שעהן ער וואקסט דאָס אויס.
מען שניידט, מען בינדט זיי אין גארבען,
מען טראָגט זיי אין דער הויך
מיט שמחה, מיט גרוים פרייד,
מען זינגט נאָך ליעדער אויך.
און דער ווינטער, דער מערדער
קומט ווי דער העלד
דורכאוים פערוועהט, דורכאוים פערשנעעט,
דורכאוים אַ ווייסע פעלד.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער
מיט דיין קאָרן וואָס וואקסט אוים.
דו ביזט דאָך א בריה נאָר
אז ער שפּראָצט שוין ארוים.
אַז דאָס קינד קען שוין זעהן די וועלט
האלט ער שוין גאַנץ ווייט,
נאָר די מיהע בעשטעהט אין דעם,
נאָר אין דער יונגער צייט.
און ביי מיר ליגט ער אין ווארעמקייט,
ווערט זיך דיק און גרויס
דער שנעע פון אויבען דעקט איהם צו
ביז ער שפּראָצט אַרוים.

דער זומער.

דער זומער פאר'ן רייזענדען
איז ער אַ גוטער פריינד,
געהט גאַנץ לייכט אָנגעטהאָן,
די זון אויבען שיינט.
אויפ'ן גראָז קען ער זיך רוהען,
ווי אויף א ווייכען שטול,
די בוימער פון די זייטען
מיט גרינע בלעטער פול.
און דער ווינטער, דער מערדער
בייגאכט די וועג פערוועהט,
ער זעהט קיין וועג, ער זעהט קיין שטעג,
ער זעהט ניט וואו ער געהט.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
וואָס גיסט איהם פאר א נוץ,
ער קען ביי טאָג ניט פאָהרען,
עס ברענט איהם שטאַרק די היץ.
די רעדער כאַפּען ברענען,
זיין גומען אויך דערצו,
די פערד — זיי ווערען אָפּגעשוואַכט,
שרעקליך היים ביזטו.
ביי מיר איז ער פּאָלקאָם פריי —
א שליטענס וועג געמאַכט.
די לבנה שיינט, דער וועג — ער גלאַנצט,
כאַטש פאָהר אַ גאַנצע נאַכט.

דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען,
כ'בין דאָך גוט אַזוי!
דער רעגען טרינקט די פעלדער אָן,
ביינאַכט — דער זיסער טהוי.
אויף מיר בעשטעהט זיין לעבען —
ווער נאָר שכל האָט —
אז עס פעהלט איהם עטוואס רעגען,
שרייט ער שוין צו גאָט.
און דער ווינטער, דער מערדער,
ווארפט שנעע פון דער הויך.
עס ווערט דערפון געוויסערען,
פערטרינקט די מיהלען אויך.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
אז דער רעגען געהט אין שניט,
בעט מען ער זאָל אויפהערען,
און ער פאָלגט דוקא ניט.
אַז מען געהט אין וועג אין רעגען,
ווערט מען דורכגעווייקט,
פון די דונערען, די בליצען,
די בוימער — ווערט צולעגט.
און ביי מיר איז פּאַראַנען,
וואָס מען שטעלט עס אָפּ
צו קעלערען, צו וואַסערען —
צי צו אַ קראַנקען קאָפּ.

דער זומער.

דער זומער פאר'ן מענשען
ווי ליעב איך בין, ווי גוט,
דעם גאַנצען טאָג ער האָרעוועט,
פארנאַכט איז ער באָרוהט.
ער געהט זיך אין טייך באָדען
פרעהליך — גאָר א בחיר,
אַלע נייע פרוכטען
קריגט ער אויך ביי מיר.
און דער ווינטער, דער מערדער,
פערקויפט איהם פאר א קנעכט,
ער האָט קיינמאָהל קיין אָפּרוה ניט,
האָרעוועט גאַנצע נעכט.

דער ווינטער.

וואָס ריהמסטו דיך, דו זומער,
מיט דיין פרייע צייט,
דו געהסט אוועק וויינענדיג,
מען זעהט קיין פרעהליכקייט.
די ספירה מיט דריי וואָכען,
פעריאָמערט און פערצאָגט,
אלול, ימים נוראים — —
רק ער געהט און קלאָגט,

און איך דאַרף קיין טרערען ניט,
ביי מיר איז אַלעם רעכט.
חנוכה און פורים
פערברענג זיך גאַנצע נעכט.

## רחל מבכה על בניה

(רעד מיטער החר״ב געווען)

כה אמר ה׳ קול ברמה נשמע נהי בכי
תמרורים רחל מבכה על-בניה מנאה להנחם
על-בניה כי איננו (ירמיה ל״א מ״ו).

1

די זון האָט אַנגעוויזען אין מערב זייט,
מיט די רויטע פלאַמען, אז זי נעהמט אבשייד,
און די נאַכט מיט איהר פינסטערקייט,
האָט אַנגעטהאָן די ערד אין א שוואַרצע קלייד.
די וועלט מיט איהרע לייט שווייגען שטום,
די נאַטור שלאָפט — סאַי בערג, סאַי טהאָל,
די לבנה געהט זיך גאַנץ שטיל אַרום,
פון די שטערען הערט מען אויך קיין קול;
נאָר א שטימע די שטילקייט צושלאָגט,
א קול פון א פרוי וויינט און קלאָגט,
מיט די פידעל שפיעלט זי נאָך צו
אַ טראַגישע מעלאָדיע;
פון איהר ניגון, פון איהר געוויין,
קען די כוחות אויסגעהן,
און שרייט נעבעך פון איהר געצעלט:
— פערוואָגלט בין איך אויף דער וועלט!

2

א קורצע צייט האָב איך נחת געהאָט,
בשעת גאָט האָט אייך אין אייער לאַנד געשטיצט;
דער מזבח איז געווען מיט קרבנות זאַט,
די כרובים מיט די פליגלען האָבען אייך בעשיצט,
דוד׳ס קינדער אין א קרוין געקליידט,
דער כהן גדול אין זיין קאָסטיום,
און די סנהדרין — ווי א געפלאַנצטער בייט,
און דער בית-המקדש — ווי א פריהלינגס-בלום!
דריי מאָל אין יאָהר אין דער צייט,
געקומען פון נאָהענט און פון ווייט:
דער בריינגט קרבנות צום שלאַכט,
און דער האָט ביכורים געבראַכט!
לוים האָבען מיט כלים געשפיעלט,
דער איד האָט זיך הייליג געפיהלט,
די גאַסען מיט פרעהליכקייט זאַט, —
דאַן האָב איך נחת געהאַט!

3

אָבער ציון האָט פערלאָרען איהר פערגעניגען,
איהר מאַיאַנטעק פערשפיעלט אין קאָן;
דער אָרט „בית-להם“, וואו מיינע ביינער ליגען,
געהט שוין אין אבלות אָנגעטהאָן!
דו, באַרג לבנון! דו, גוטער פריינד!
וואָסערע פים צוטרעטען דיך היינט?
דו, באַרג מוריה! דו הייליגער אָרט!
אַ מהמד׳אַנער „מעטשעט“ שטעהט גאַר דאָרט!
די גאַסען שטעהען שוין פוסט,
די וועגען זענען פערוויסט,
אין כרמל קיין בלומען בליהט,
די טהורעמס גלאַנצען שוין ניט!
די כהנים וואָס האָבען געשטיצט,
די נביאים — וואו זעה איך זיי איצט?
וואו איז אייער קרוין, אייער רייך?
וואָס איז היינט געוואָרען פון אייך?!

4

איך קוק איצט אויף ירושלים ביי׳ם מערב-וואַנט,
איך זעה דאָרטען מיינע קינדער ווי קוילען שוואַרץ,
זיי שפּאַרען אָן די קעפּ אויף די דאָרע הענט,
אין אַבצען, אין קרעכצען, אז עס פערקוועטשט דאָס
האַרץ!
ניטאָ אין ירושלים קיין בוים, קיין שטיין,
וואָס איז ניט געווען נאָס פון מיין קינדס געוויין!
מיין קינד צו דריקען איז א קינדער-שפיעל,
וואו מען שיסט — איז דער ציעל!
פון מאָלדאָוויע הער איך א געשריי,
מיין קינד שרייט דאָרט, — אוי וועה!
פון אראַביען שרייט ער „נים גוט“! —
מען פערגיסט דאָרט ווי וואַסער זיין בלוט!
פון אַזיען שרייט ער נעבעך „שלעכט!“ —
דאָרטען געפינט ער קיין רעכט!
אין פּרם בעוויינט ער די ערד,
דאָרט טהוט מען מיט זיי ווי מיט פערד!

5

אין הימעל די טויזענדער שטערען,
בעוויינען אַלע מיין קינדס אומגליק!
די אַלע בוימער גיסען טרעהרען,
די פויגעלעך ענטפערען אויך צוריק!
נאָר דאָס האַרץ פון דיינע פיינד איז פערשטיינט,
דער אומגליק האָט זיי דאָס האַרץ פערשפּאַרט!
דער קראָקאָדיל, דער אכזר, טרעפט אויך ער וויינט,
נאָר דיינע שונאים׳ס האַרץ איז ווי אייזען האַרט!
אַך, גאָט! — ענטפער שוין מיר!
זאָג שוין — פיעל איז דער שיעור
צו ליידען, א דור נאָך א דור,
אין צרות — צוויי טויזענד יאָהר!
איהר, שטערען, זאָגט מיר, — אויב איהר ווייסט,
איז דען אייביג פערלאָרען מיין טרייסט?!
אוי, ניין! איך שפיר נאָך, איך שפיר!
אַך, גאָט, ענטפער שוין מיר!

1861

## שולמית

1

ווער עס האָט נאָר א געוויסען, מיט א האַרץ פון פלייש,
ווער עס האָט נאָר א געפיהל פון א מענשען-פריינד, —
בעדויערט מיר, שלומית! ווער עס קען און ווייס
מיינע גליקען פון אמאָל, און מיין לאַגע היינט.
פון שלומית, פון די גבירה,
ווער האָט דען ניט געהערט?
מיין לעבען און מיין דירה,
מיין יוגענד רייך פערצעהרט:
ליי האָט ביי מיר געזונגען,
אהרן מיין בופעט געשטעלט,
מיין נאָמען האָט געקלונגען
אין דער גאַנצער וועלט!
היינט קריג איך קוים אָן אָרט
אונטער׳ן אויוועץ דאָרט,
כאָטש דירה-געלט צאָהל איך גלייך און אפשר מעהר...
אין זאָל טאָר איך ניט געהן,
אין קיך טאָר איך ניט שטעהן,
א טעפּעל צום פייער שטעלען קומט מיר אויך אָן שווער...

2

וועמען אַן אָרימען לעבען עס איז שוין בעשערט,
דער זאָל כאָטש קיינמאָל וויסען, וואָס גוטס בעדייט;
פון יוגענד ביז דער עלטער זאָל ניט זיין פערקערט,
מיט טרערען ניט צו דערמאָהנען די פערגאנגענהייט....
איך וואר אָבער געהויבען
אַמאָל אין הימעל אריין,
דערנאָך געוואָרפען פון אויבען
אַז דער פאַל זאָל שטארקער זיין...
פאַר אַן אריסטאָקראטישע דאמע
וואר איך איבעראל געשעצט,
און פאר די שענדליכסטע פלאמע (פלעק)
בין איך פעררעכענט יעצט.
עלענד און שאנדע טעגליך
איז מיר שוין ערטרעגליך;
אָבער ווען מיין קערפער ליידעט איז שוין אלץ פערביי!
דערצו איז מיין מויל געשמידט,
מיין שרייען העלפט שוין ניט,
און מיין זיפץ וויל קיינער לעזען די מערדעריי!...

3

שטענדי גבעט איך גאָט פאַר דעם ווירט אין הויז,
ווייל ער האלט די שכנים איין מיט גוואַלד!
וואָלט ער דעם צאם חלילה לאָזען לויז,
ביי דער ערשטער ווייליע בין איך ערמאָרדעט באלד.
בין איך פרום געזאָגען,
פאַנאַטיק רופט מען מיך;
ווייל איך בילדונג קאָנען,
טראָג איך מעהר האַס אויף זיך.
געה איך געקליידט געמיינער,
רופען מיך אלע „שמויץ";
געה איך שוין עטוואָס שעהנער,
בעניידעט מען מיין פוץ.
איך פרעג זיך שוין אליין,
וואָרום בין איך אָהן חן?
איך וועג שוין מיינע מעשים איבער אויף יעדען טריט;
א מענשען פון פלייש און בלוט
קען ניט דורך זיין גוט.
אָבער ערגער פון זיי בין איך אודאי ניט!...

4

אויף די ציוויליזירטע צייט האָב איך געהאָפט.
אפילו פיה צו בעשיצען איז חברות דאָ,
אַ פערד ווער עס שלאָגט, ווערט אויך בעשטראָפט,
אויף מיר איז קיין מיטלייד אויף דער וועלט ניטאָ...
ווען איינינע באשע־באַזוקעס
האָבען די סלאַוויאַנער בעריהרט,
האָט אין איירָאפּא דער גרעסטער דוכס
פאַר זיי א שטרייט געפיהרט.
אין אמעריקא די שוואַרצע נעגער,
אַז מען האָט זיי בעהאנדעלט שלעכט,
האָבען הונדערטער טויזענדער קריעגער
געפאָדערט זייער רעכט.
בין איך דען קיין סלאַוויאַן ניט ווערט?
צי ווי א נעגער ניט אויפגעקלערט?
וואָרום זאָל הפקר זיין מיין בלוט ביי אייך?
א מילב, ווען מען שטעכט איהר הארץ,
פיהלט זי אויך דעם שמערץ,
ניט שוין בין איך ניט מיט די אלע גליך?!

## די פערמאסקירטע וועלט

1

די שטאָט, די מאָדע, דער פיהרונג דער ברייטער,
דאָס האָקט אונז, דאָס קירצט אונזער פרייע וועלט.
מען קריכט, מען קלעטערט, מיט כוחות אויפ'ן לייטער,
מען פיינט־זיך, מען פוצט זיך, ווי אין מאַסקאראדען פארשטעלט.
די מאָדע, איז דער רוצח,
זי ברייגנט אונז אום נאמנות.
זי איז דער מזבח,
מיר זיינען די קרבנות.
די געלט פליהט ווי רויך,
פון כבוד בלייבט קיין דוך,
אַז דער האָהן זיצט ווי הויך
בלייבט ער אַ פּעטוך...
אַז וואויל איז געווען
פערצייטען צו זעהן
ניט געפוצט, ניט געבאָרגט,
אויסגעפיהרט די וועלט
מיט כבוד, מיט געלט,
און קינדער אויף אייביג פערזאָרגט.

2

איהר אויגען, איהר פערפיהרער, מיט אייך האָבען מיר א טענה:
איהר פערלאנגט אלץ, איהר ווילט אַלץ, איהר פיהרט פון נאמנות אראָפּ,
די שפּיגלען, די מעבעל, די דירות די פיינע —
דאָס קנייטשט אונז, דאָס בויגט אונז צו די בעלי חובות דעם קאָפּ.
דער וואנט איז לעדיגע ציגעל,
אַ שפּיגעלע ווערט שוין באלד,
וואָרום ער דארף דאָך זעהן אין שפּיגעל
ווי דער קאָפּ פון דאגה שפּאלט;
עס פאַסט דאָך וואַזאָנען
און א פענסטער מיט שטארעס;
דער מלוה קומט באלד מאָהנען,
אָט דאָ איז גאָר די צרות;
ווייל ניט וואָס זיס,
ניט די האָניג, ניט דעם ביס,
ניט דעם צער, ניט די טובות;
איבער הונדערט יאָהר.
וועט דער קאָפּ זיין קלאָר,
זיינע יורשים וועלען ניט צאָהלען קיין חובות.

3

ווי ווייס מען, ווי דערקענט מען פון רייכען ביז דעם געמיינעם,
אַז אַ זייגערל מיט א קייטעל טראָגעןביידע גלייך,
טרינקענדיג די סעלצער וואסער לויפט מען אויך אין איינעם,
היינט ווי ווייס מען, ווי דערקענט מען פון אָרים ביז רייך.
ווי דער מאַי גיט א פּאַטש,
רודערט דאָס ווי רעדער,
אַ ליאָדע דאָרט א סמארקאטש
פאָהרט שוין אין די בעדער.
זי הויבט זיך אָן דאָקטירען
מיט מאנגעל און מיט נויט,
איהר פעהלער קען מען קורירען

מיט א לעבעל ברויט,
און דינגט צום פּאַהיבעל
אין פאַרשטאַדט א שטיבעל,
היינט קען זי שוין די צרה פערקרימען,
און איהר קרעמערקע האָט אויך א פּעהלער,
אַז זי טרויט ניט אויף אַ העלער,
וואו מען ברענגט איהר ניט פריהער א סימן.

4

יענער שפּיעלט א ראָלע ווי דער גרעסטער קצין,
אַ קראַם מיט א פענסטער מיט דריי זגאַקעס אַרויס,
און מלוה'ס, ווי די וווערמעלעך, קריכען און טאַטשען,
און ער לויפט עס, ער פליהט עס אין אויסלאנד אומעטום.
אין שטוב לעבט מען בשלוה,
מען פיהרט זיך גרויס די הוצאה,
ווארום מען פיינט זיך פאר'ן מלוה
צו קריגען נאָך א הלואה.
כ'לעבען, האלט א קרעמעל
מיט גרויפען אַנגעשטעלט,
ניט פּאַהר קיין מעמעל,
און ניט עס קיין פרעמדע געלט ;
זיין מיהע וועדט פערשוועגדט
אויף הוילע פראַצענט,
דער קרן איז לאנג שוין יאכלוהו,
עס שטעהט שוין אויפ'ן קרן
צוויי פייען ווי די בערען
אַט געהסטו אויף אן עולם התוהו.

5

דאָרט געהען שפּאַצירען א הערר מיט אַ דאַמע
געפוצט, געאָרעמט, איך גלויף פון לאָווע אַראָפּ,
איך פרעג דאָס, איך דערגעהע דאָס, זאָגט מען מיר
מן הסתמא,
אַז זי איז א נאָהנטע קרובה אין קיך מיט דעם
טשיגונענעם טאָפּ.
איך לויף אונטערהערען קלאָר,
וואָס עס איז דאָרט פאר א נייסען,
האָב איך געטראָפען א ראזגאָוואָר
וועגען א מאָרגענדיגען איבערבייסען:
„איך ווייס ניט וואָס מען טהוט,
„צי פערזעצען וואָס איז פאַראַן,
„צי איז גלייכער דער וויסער הוט,
„צי דעם רויטען סאראפאן."
איך האָב געוויינט און געלאַכט
און ביי זיך געטראַכט:
טאַ וואָס טויג דיר דער אָנשטעל פון ר ו י ף ?
איך האָב זיך געגרייט,
די אביונים בעלייט
אַהיים אין א בלאָטיגען הויף.

6

ווער געהט ניט, ווער ווייס ניט, פון קייטען,
פון בראַנזעלעטען,
אַ געמיינע אזוינע, וואָס האָט קיין קלייד אויפ'ן לייב ;
פון פריצטעס, פון גביר'טעס, ברייננט די אויג שטאָפּעטען
און גרויסט זיך און בלאָזט זיך ווי דער אינדיק קעגען
דער ווייב.
די ווייב פון א מלמד,
וואָס פערמאָגט קיין גראָשען,
געהט אין באָטשיקעס פון סאַמעט
מיט גומענע קאַלאָשען ;
אין זייבען טוך א קלייד,
און אייל שלעפּט זיך אויף דער ערד ;
אַז קומט אוי סאין א לייד —
וואָס האָט עס פאר א ווערטה ?
אַ פּאַסטערקע, א הוט,
עס קאָסט עס אַפּ בלוט,
ווערען בדילי הדל ;
די נייע וויזיטקע
ווערט איהר שוין ברידקע,
ווארום זי היט פון פּאַריז דעם זשורנאַל.

7

אַ געמיינער האָט א מיידעל, וואָס זי שטעהט אין שידוכים,
מען גרייט רק, מען געהט רק, א גאַרדעראָבע פאר איהר,
מען פערבעט איהר צום חתן, מען זעהט בגדי מלכים,
נאָר א מנין טענדלערקעס שטעהט אונטער'ן טהיר.
קינדער קענען אפילו
ביי קעסט ווערען לייט,
נאָר איבער די חובות די שטילע
זיינען זיי פון תכלית ווייט.
זיי א בעל-הבית'טע,
ווי דיין באָבע איז מה טוב ;
צו דער חופה א קלייד א פראָסטע,
אָבי ניט קיין בעל חוב.
אַז ביים פונדאמענט
וואקסט שוין פראַצענט,
טאַ וואו איז נאָך דער גאנצער געצעלט ?
וואָס טויג אייך די פיהרונג,
וואָס טויג פערמאסקירונג —
גוואלד, וואָס איז היינט פאר א וועלט ! ! !

8

אַ פּאר פאלק א געמיינע, וואָס האָבען קיין חיונה,
און מען דאַרף שוין, מען האלט שוין א דינסט מיט אַן אַם ;
ווי שוטים, ווי נאַראָנים, זיי פערשטעהען ניט די בחינה,
אַז דאָס בינדט מען זיך, דאָס שפּאַנט מען זיך ווי דער
פערד אין צאָם.
אַ קרעמערקע איז זי דאָך,
איז דען מיט איהר אַ שפּאַס ?
אויף פינף גילדען אַ וואָך
און קעהרט דערצו די גאַס,
און וואָלט זיך ווועלען פיהרען
מיט א לאַקיי, מיט א בעדיענטען,
און אַז זי געהט שפּאַצירען,
געהט נאָך די אַם פון הינטען ;
איהר קליידעלע דערצו
האָט קיין מאָל ניט קיין רוה,
אין מיטען וואָך טראָגט די בעל-הבית'טע ;
ווי עס דערלעבט שבת קוים,
טראָגט דאָס די אַם
אָדער די דיענסט-מויד די פראָסטע.

9

זעהט יענעם, ער סטרויעט א טויער מיט המצאות,
ער האָט ניט, ער פערמאָגט ניט, וויפיעל א נאָגעל
איז גרויס,
פון פונדאמענט ביז די טהירען איז נאָר דורכאויס הלואות
און פערקאָפט נאָך ביי שכנים אויף דריי יאָהר פאָראויס.
די פּראָצענט איז אָבער פלאַטשיג,
עס וואקסט פון טאָג צו טאָג,

גיט ער א פאדראטשיק
דעם מויער איז זאלאג;
יענער פיהרט ניט אויס,
נעהמט מען צו דעם בטחון,
ער געהט מיט ביוש ארויס
און ווערט אליין א שכן;
די שכנים שרייען — „אי!"
מען מוז צאהלען אויף דאס ניי,
פערפאלען די פריהערדיגע געלט,
און דא סטייען ניט פענעס
פאר מלוה'שע פראשעניעס —
גוואלד, וואס איז היינט פאר א וועלט!!!

10

א קאפעלוש אויף נייך-געלט לייהט ער אויף אלע ימים-טובים,
דאס קאסט איהם דאבעלט פיעל עס איז אין גאנצען ווערט,
די פוצט זיך מיט ציערונג פון שכנים, פון קרובים,
מען וויים דאך, מען דערקענט דאך, אז וועמען די ציערונג געהערט.

דערזעהן א נייע צאצקע,
דארף מען זיך כאטש טויטען,
דאס טאנצט מען א קאזאצקע
איינער קעגען צווייטען;
פון זיין געלט, זיין פרנסה,
איז ניטא קיין מזל ברכה;
אז מען לעגט צו פיעל משא
פאלט דער אקס אין סאבע.
אזוי וואויל איז געוועזן
פערצייטען צו זעהן,
ניט געפוצט, ניט געבארגט,
אויסגעפיהרט די וועלט
מיט כבוד, מיט געלט,
און קינדער אויף אייביג פערזארגט.

1865

## די שטאק שפיעל

1

ווער נאר די שפיעל בעטראכט,
די שטולען מיט דעם שטאק,
ווי איינער געהט זיך גאנץ בעזאכט,
אזוי איז שוין דער חק.
פלוצלונג זיצט ער אויף א שטול,
זיין שטאק בלייבט שוין שטעהן,
די שטולען ווערען מיט מענשען פול,
נאר איינער בלייבט אליין.

2

דער איינער נעבעך, וועלכער בלייבט,
די שאנדע איז זעהר גרויס,
דער פון איהם קאטאוועס טרייבט,
דער צווייטער לאכט איהם אויס.
ערקלעהרט מיר נאר די זינד פון איהם,
זיין בלוט וואס מען צאפט,
וואס האט ער פאר א שולד אין דעם,
אז מען האט זיין ארט פערכאפט.

3

עס ווערט די שטוב מיט קולות פול,
צו זעהען איז דאס געשמאק.
ווי צוויי זעצען זיך אויף איין שטול
ווי צוויי קעץ אין איין זאק,
קוק זיך איין פון זיי דעם סוף,
בעטראכט אויף זיך אליין.
ווי ביידע נעבעך בעצאהלען שטראף,
און ביידע בלייבען שטעהן.

4

די זעלבע זאך ביי אונז אויך טרעפט,
א רחמנות גלויבט נאר מיך,
ווי צוויי פאלען אן אויף איין געשעפט,
יעדער ציהט צו זיך.
איינער וויל דעם צווייטען דריקען,
יענעם מאכען גוט,
ברידער הערט זיך אויף צו פליקען,
זעהט איהר בלייבט אהן ברויט.

5

די שפיעל פון שטאק איז אקוראט,
ווי די מענשען אויף דער וועלט,
ווער עס קען כאפען, זיין א כוואט, — — —
יענעם קומט דאס געלט.
קען ער נאר ניט לויפען שנעל,
וויל נאר עהרליך געהן,
פערלויפט דער צווייטער אויף זיין שטעל,
ער, נעבעך, בלייבט שוין שטעהן.

6

די שטולען איז די טעג פון דער וועלט,
מיט דעם שטאק געהט די צייט,
גליק און אומגליק, דלות און געלט, —
טאנצען זיך ביי דער זייט;
היינט איז ד ע ר מיט פריידע פול,
דו, נעבעך, מיט געוויין,
מארגען זיצסטו אויף זיין שטול,
יענער בלייבט שוין שטעהן.

7

פון גרויסע פאלאצען קומט מען אפ,
פון קעלערען שטייגט מען אויף;
דעם טרייבט די צייט פון שטול אראפ,
דעם צווייטען זעצט זי ארויף.
שטאלציר ניט ביי דער גוטער צייט,
ביי דער שלעכטער שריי ניט „וועה!"
פון גליק צום אומגליק איז גאר ניט וויים,
נאר מיט דעם שטול א דרעה.

8

נאר פרעגט ביי גאט קיין קשיות ניט,
פאר וואס האט יענער צרות פיעל;
ער פיהרט זיין וועלטעל קלוג, געניט,
אזוי געהט צו די שפיעל:
איינער מוז שוין אויסען בלייבען,
אזוי מוז עס געהן.
נאר פון יענעם קאטאוועס טרייבען,
פוי, דאס איז ניט שעהן!

9

נאפאלעאן'ס נאמען קלינגט ווי א גלאק,
ביי אלע קיסרים פול,
פיעל מאל די צייט האט געשריען „שטאק!"
כאפט ער רק זיין שטול,
פרייסען קומט פלוצלונג צוגעהן:
„שטאק!" שרייט זי אויס,
נאפאלעאן בלייבט אין ביוש שטעהן, —
די וועלט לאכט איהם אויס.

10

די נאַטור געהט אַרום די יאָהרען,
די וועקסלונג האַלט זי אין האַנט,
דער זעלבער שטאָק, וואָס איז היינט אַ קאָרן,
איז מאָרגען אַ העלפאַנד.
איצט איז ער אַ מענש, דאָ ווערט ער ערד,
און דערפון אַ בוים אין פעלד.
פון די פרוכטען ווערט אַן אָקס, אַ פערד,
און ווידער אַ מענש אַ העלד.

1780

---

## קאָלומבוס און וואשינגטאָן

1

גרויסע מענשען אייביג שטרעבען
צו ברייגנען נוצען פאַר דער וועלט,
דער שיינקט בילדונג, דער — זיין לעבען,
דער מיט גייסט און דער מיט געלד;
איינער ראַטעוועט טויזענד מענשען
און דער צווייטער אַ מיליאָן,
דער, אַ גאַנצע שטאָדט פון זיין הילף גלענצען,
דער מאַכט גליקליך זיין נאַציאָן.
עס וואַרען מענשען צוויי:
קאָלומבוס און וואשינגטאָן,
ביים לעבען האָבען זיי
פיעל גוטעס אויפגעטהאָן;
דער שווימט דעם ים אַריבער
געפינט אַ נייע וועלט,
דער שטרייט ווי אַ גבור
און האָט איהר פריי געשטעלט.
אונגליקליכע פערזאָנען,
פון אַלערליי נאַציאָנען,
שיצען זיך ביי זייער פאָהן,
און אַ גאַנצע וועלט מיט מענשען
הערט מען דורכאויס בענשען
קאָלומבוס און וואשינגטאָן.

2

דאָרט אין רוסלאַנד גיט השגחה,
אין קוואַל פון דלות און פון שמוץ
ליגט און קוועלט זיך אַ בעל מלאכה,
פון זיין גרויס מיה האָט ער קיין נוץ;
קאָנקורענטען רייסען זיין ביסען,
באָדט זיך שטענדיג אין ים פון נויט,
ווייב און קינד געהען אָפּגעריסען
און זיינען זשעדנע דאָס טרוקען ברויט.
גיט איהם גאָט אַ זין
צו ענדערן זיין שטאַנד,
לאָזען זיך אַהין
צו דער פרייער לאַנד.
איין יאָהר לויפט אַריבער,
זעהט, דער מענש פערדיענט!
ליווערט באַלד שוין איבער
אין נויאָרק זיין געזינד;
טאַלאַנטען באַלד געגעבען,
זיי מאַכען שוין אַ לעבען,
זיי זעהען שוין די נויט ניט אָן.
און צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען זיי אויך בענשען
קאָלומבוס און וואשינגטאָן.

3

יענעם מסר'ט מען, בלויז פון שנאה,
כאָטש אַלע ווייסען אַז ער איז ריין,
עס ווערט דאָך איינג זיין מדינה,
ער מוז דאָך באַלד צום משפט שטעהן;
און האָט קיין עדות זאָלען איהם בעשיצען,
ער ווייס וואָס איהם קומט על פי דין:
פריהער וועט ער לאַנג אין פעסטונג זיצען
און דערנאָך ווער ווייסט וואוהין...
כאַפּט ער ווייב און קינד
און זיין ביסעל געלט,
לויפט אַוועק געשווינד
אין דער נייער וועלט;
דאָ געהט אויף איהם קיין ביכער,
מען פרעגט ניט ווער און וואָס,
דאָ זיצט ער זיך גאַנין זיכער,
ווי אונטער אַ שלאָס;
און זוכט זיך אויס געשעפטען,
ווי נאָך זיינע קרעפטען,
קיינער קען איהם גאָר ניט טהאָן,
און צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען איהם אויך בענשען
קאָלומבוס און וואשינגטאָן.

4

ווי קלוג, ווי שעהן, איז יענע פריילין,
גליקליך קען זיין פאַר איהר אַ מאַן,
נאָ וואָס העלפט די מעלות, אַז זי קען ניט צעהלען,
טויזענד רובעל איהם נדן,
און ווען זי זאָל שוין דאָס געלט בעווייזען,
קריגט זי ניט נאָך איהר ווערטה און טהאַט,
דער האָט פיעל פעהלער, דער קען ניט שפייזען
אַ פאַמיליע מיט ברויט צו זאַט,
קומט איהר אויפ'ן זין אַרויף
אַ קרוב האָט זי דאָרט,
זי שרייבט זיך דורך מיט בריף
און קומט אין פרייען אָרט.
דאָ זוכט מען קיין פלענער
פון נדן ווערען רייך,
זי קלייבט אויס פון די מענער
וואָס איהר זאָל פאַסען גלייך,
און האָט פאַר איהם חיונה,
אַ קלייד נאָך אויך אַ שעהנע,
נאָך איהר וואונש פון אייביג אָן.
און צווישען אַ וועלט מענשען
הערט מען איהר אויך בענשען,
קאָלומבוס און וואשינגטאָן.

5

ביי יענעם פאַלט שטאַרק די געשעפטען,
איהם האָבען לייט פיעל געלט פערפיהרט.
ער אָבער מאַטערט זיך מיט אַלע קרעפטען,
ביז ער האָט ענדליך באַנקראָטירט;
בעלי חובות איהם דריקען, קוועטשען,
פערקויפען ווירטשאַפט ביי איהם פון שטוב,
איינער וויל איהם שוין אין פעסטונג זעצען;
פון הימעל געפאַלען אין טיפסטען גרוב!
ווייזט איהם די נויט אַ פּלאַן,
אַן ענד פון דריק פון רויב,
אַריבער געהן דעם ים
צו דער פרייער טויב.
אָנפאַנגס עטוואָס ביטער:

פרעמד די שפראך, דאָס לאַנד,
וֿוערט ער אַ גנניטער,
בייט זיך גלייך זיין שטאַנד;
פאַרדיענט שוין היבשע טאַלער,
און וֿוערט אַ גוטער צאָהלער,
עס קומט ווידער זיין פריהלינג אָן.
און צווישען אַ וֿועלט מענשען
הערט מען אויך איהם בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

6

זעהט אין צ פ ו ן, פיעל אַקטיאָרען
שפילען פראַכטפאָל אויף זשאַרגאָן,
נאָר פון זיי אַלע איז אַ תל געוואָרען,
ווייל עס שטערט זיי אַ זאַקאָן:
ווי זיי קומען אין אַ שטאָדט שפילען,
פיהלען זיי דעם טעם פון טויט,
ביז עס טרעפט זיי, בעאמטע ווילען,
עסט מען אויף פון זיך די הויט;
בלייבט ביי זיי אַ פּלאַן:
גענוג צו זיין געשטערט,
שווימען דעם אָקעאַן
צו די פרייע ערד;
דאָ שעצט מען דעם טהעאַטער,
מיט עהרע און מיט דאַנק
זיי זיינען נאָך מותר
אויף קלייבען געלט אין באַנק,
און וואָס מען וויל נאָר שפּילען,
און רעדען וואָס זיי ווילען,
זעהען קיין צענזור ניט אָן,
און צווישען אַ וֿועלט מענשען
הערט מען זיי אויך בענשען
קאָלומבוס און וואַשינגטאָן.

1889

## צום פעדלער

1

ווי לאַנג וועסטו, אידעל, ארומגעהן און פּעדלען?
און פאַלען צו לאַסט ביי די שכנים אין לאַנד,
וואָס שרייען אין צייטונגען און שטעכען ווי נאָדלען;
„דער איד איז אַ שנאָרער, ער שטעלט אויס די האַנט“!
דען וואָס איז דען פּעדלען? — נאָר בעטען נדבות!
אַן אַלטער, אַ קראַנקער, געהט פּעדלען ביי׳ן קריסט,
מען נעהמט פון זיין באַסקעט אַ פּין אויף קאַטאָוועס,
אַז עס זאָל ניט הייסען: מען שיינקט איהם אומזיסט!
מען נעהמט פון זיין באַסקעט, אַ. ז. וו.

2

עס גיט ביי דיר פּעדלער אין קאָונטרי, וואָס רייזען
און פערקויפען דזשולערי — קופער פאַר גאָלד;
און טאָרען זיך שוין קיין מאָל אין קאָונטרי ניט ווייזען,
דען ער וואָלט מיט זיין לעבען בעצאָהלט...
קומט נאָך איהם דאָרטען אַ פּעדלער, אַ צווייטער,
ער מעג זיך שוין גראַדע ווי אָרענטליך זיין —
נעכטיגט אין דרויסען, אין שלעכטסטען וועטער,
און קיינער לאָזט איהם אין שטוב ניט אריין!
נעכטיגט אין דרויסען, אַ. ז. וו.

3

ווי שווער ווי ביטער איז דער פּעדלישער לעבען
פערוואָגעלט ווי קין, וואו טאָג און וואו נאַכט;
צו היין און צו קעלט איז ער איבערגעגעבען,
קיין היים און קיין רוה, און איז שטענדיג פערשמאַכט!
שלעפּט אויף זיך פּעק, וועלכע איבער׳ן כוח,
בעקומט נאָך פון לויפער אַ „יישר“ דערפאַר;
דער וואַרפט איהם מיט שטיינער, דער שפּאַלט איהם דעם מוח,
זיין אָרעמעס לעבען איז רק אין געפאַהר;
דער וואַרפט איהם, אַ. ז. וו.

4

וואָס זוכסטו זיך אידעל אַזעלכע פּרנסות,
וואָס מאַכען דיין נאָמען צו שפּאָט און צו שאַנד!
געה לעז אין די צייטונג אויף דיר ליעבע דרשות...
זיי בעסער אַ פאַרמער און נעהם זיך צו לאַנד!
האָב דיר דיין הויז, און דיין פעלד, און דיין גאָרטען,
זעע דאָרט און פלאַנץ דאָרט — מיט אַלעמען גלייך!
ווי עהרליך, ווי זיכער, דיין לעבען איז דאָרטען,
און האָסט נאָך אַ טשאַנס מיט דער צייט וֿוערען רייך!
ווי עהרליך, ווי זיכער, אַ. ז. וו.

5

עס קומען צו טעגליך רק גרינע און גרינע,
און יעדערער כאַפּט באַלד דעם באַסקעט אין האַנט;
זעה, זאָלסט ניט ליידען, ווי יענע פון כינא...
וואָס זענען פערוועהרט היער צו קומען אין לאַנד!
פערגעס ניט, דו איד, אַז פון אַלע וועלט-טהיילען
איז היער צו אַנטלויפען דיין איינציגער פּליים —
ווען דו זאָלסט, חלילה, אָט די לאַנד פערשפּילען,
וואו לויפט מען שוין דאַמאָלסט? אוי, זאָגט, וֿוער עס ווייס!
ווען דו זאָלסט, אַ. ז. וו.

6

וואו איז דעם באַראָן הירש׳ס גרויסע נדבות,
וואָרום לאָזט איהר שלאָפען אָט דעם קאַפּיטאַל?!
וואו זייט איהר, גבאים, איהר שטאָט-בעלי־טובות!
וואָס זוכט איהר ניט מיטלען צו העלפען דעם כלל.
לאַנד אין אַמעריקא איז לייכט צו קריגען,
בעזעצט עמיגראַנטען, גיט לעהרער צו זיי!
זיי זאָלען זיך לערנען, זיי זאָלען זיך קליגען,
צו זעען, צו פלאַנצען דאָרט פּרוכט אַלערליי!
זיי זאָלען זיך לערנען, אַ. ז. וו.

7

וואָס זינגט איהר, פּאָעטען, פון בלומען פון פויגלעך,
דאָס ליעד האָט לאַנג שוין איהר צייט אָפּגעלעבט!
דאָס פּאַסט צו פאַרשלעפּערען קינדער אין וויגלאַך,
גיט בעסער דעם קראַנקען זיין היילונגס-רעצעפּט!
איהר זעהט, אייער פאָלק ליעגט יעצט אין סכנות,
מען רעדט פון זיי העכער... וואָס קען זיין דער סוף?
גיסט צו צו דער מוזע איין טראָפּען רחמנות,
און פיהרט אויף אַ וועג די פערבלאָנדזשעטע שאָף!
גיסט צו, אַ. ז. וו.

8

וֿוער שלייפט מיר די אויגען צו קוקען פון ווייטען?
אַך! וֿוער וואָלט מיר געבען אַזאַ טעלעסקאָפּ!
איך זאָל קענען זעהען די גליקליכע צייטען,
ווי פּעדלען און שווינדלען ביי אידען — אראָפּ!
איבעראַל זאָל איך זעהען נאָר פאַרמער פון אידען,
און לעבען צוזאַמען, אין שלום און פרייד...
דאַן וואָלט מיין האַרץ זיין בערוהיגט, צופריעדען, —
און איך וואָלט זיי זינגען דעם „שניטער׳ס“ אַ ליעד!
דאַן וואָלט מיין האַרץ, אַ. ז. וו.

1890

## פערזעהן — פערשפּיעלט

1

אין אמעריקא קלייבען זיך ביסלעכווייז אידען,
פון רוסלאנד, פון עסטרייך, פון דער גאנצער וועלט,
און זיינען אין חברות, אין לאָדזשען פערשיעדען,
נאָר מען קוקט ניט דעם גרונד, וואָס דעם כלל אידען
פעהלט.
עס פעהלט אונז א אידישע מאַכט אויפצובויען,
צו זאָגען א דעה היער אין פּאָליטיק;
ווען אלע פעלקער יעצט „קלאָבען" זיך סטרויען,
גיבען מיר זיי אָפּ אין האנט אונזער גליק.
מיר טאָרען אין פרעמדע ניט זיך צופיעל אַנטרויען,
צוויי טויזענט יאָהר לערענט אונז די פּראַקטיק...

2

פיעל דייטשען, פיעל איירישע קומען אריבער,
ווערען סיטיזענס, אָהן גוואלד, אָהן געשריי,
בילדען א קלאָב, זייער וואוט וועגט שוין איבער,
און אלע בעאמטע רעספּעקטירען זיי!
ווי זאָל מען דעם אידען אין לאנד רעספּעקטירען, —
וואוינט אָפּ צעהן יאָהר, און קיין ערשטען פּאַפּיער,
אַנדערע לאָזען זיך פון שווינדלער פערפיהרען,
פערקויפען דעם וואוט פאר א דאָלאר, פאר ביער,
ווילען די געזעץ פון דאס לאנד ניט שטודירען,
זאָ קוקט מען, זאָ שעצט מען, זאָ אכטעט מען דיר! —

3

צוויי טויזענד יאָהר רייזטו אין קעלטען, אין היצען,
דעם פּאַק אויפ'ן פּלייצע, — צו זוכען א רוה,
קוים בעטסטו זיך איין וואו צו שלאָפען אין קיטשען,
באלד הייסט מען דיר מופען, דיין פּאַק נעהמט מען צו.
דאָס האָט די ךליידער פון מוטה אָפּגעשלאָגען,
געטויטעט אין הארצען דיין שטאָלץ און דיין דרייסט,
ווילסט גאָר אין לאנד קיים שום דעה ניט זאָגען,
פאר וועמען דו שטימסט, און אויף וועמען דו ווייזט.
זוכסט נור דעם דאָלאר, זאָל זאַט זיין דיין מאָגען,
געשטארבען בר-כוכבא, געשטארבען זיין גייסט! —

4

ווען איך זעה מיין פאָלק פון דיר זאָלכע קאָנטראַסטען,
בלייב איך פערצווייפעלט, מיין קאָפּ ווערט מיר דול,
דארט, זעה איך, פערטראַגסטו פּאַגראָמען אין לאַסטען,
דאָ מאַכסטו סקאַנדאַלען פאר שלישי אין שול;
שטעהסטו אום עהרע, — טאָ שטעה אום דיין נאָמען,
דיין נאָמען „איד" איז נור איין צווייג פון בוים,
פערקייפסטו דיין „וואוט" מיט דעם אידען צוזאמען, —
צום פרעמדען געביי טראָגסטו ציעגעל און ליים!
זעה ליבערסט דיין יאָהר מיט א וואנט צו פערצאָמען,
געניג זיין א שכן, — פערזאָרג זיך א היים!

5

ווען איך האָב דיר נאכלעסיג אין רוסלאַנד געפונען,
האָב איך דאן געקלערט: ניט אָן דיר איז געווענדט,
וואָס קען דען א מענש שהאָן, ווען ער ליעגט געבונדען,
מיט שטריק פון דיסציפּלינע די פיס און די הענט!
דאָ לעבסטו אין פרייהייט, דו דיענסט ניט ביי וועמען,
דאָ ווערסטו „אונטערטהאן" ניט מעהר גענענט,
און איך זעה דיר דאָ אויך פערמאַכט דיינע ברעמען,
נאכלעסיג, פויל, דיינע אייגען פערבלענדט,
פוילסט זיך די ערשטע פּאַפּירען צו נעהמען,
וואָס קאָסט צייט א שטונדע, און קעש צוואנציג סענט...

6

אין נויאָרק, אין קאַנטרים, גיט גאנצע דיסטריקטען,
די לענדלאָרדס, די איינוואוינער, אידען דורכאויס;
ווי לייכט קענט איהר קומען צום גליק דעם געזיעגטען,
בעאמטע וועלכע איהר ווילט, פון קליין ביז גאָר גרויס!
יעצט ווערט מען פון לויפער פערוואָרפען מיט שטיינער,
מען קלאָגט איהם אין „קאָורט" — ער געהט ארויס
פריי!
ביי די וועגלעך, די אידלעך, גיט גאָר קיין איינער,
דער קלאָב פון פּאָליסמאן זאָל איהם געהן פערביי...
ער ליעגט ווי א שעפּס אונטער וואלפישע ציינער,
אין אויף די אלע בלוט, — וועמעס שולד איז דערביי?!

7

פון דער קאָנסטיטוציע דו זעה צו געניסען,
זי פרעגט ניט ביי'ם אידען: ווי קומסטו אהער?
זי וויל פון רעליגיעס, נאציאָנען, ניט וויסען,
ביי איהר איז ליעב, ווילקאָמען, יעטווידער גר.
און דו, איד, בעזיצט פון האָן די זיטען,
זוכסט נור א ברעקעל, שארסט אָפּ א בריליאַנט!
פערגעסט וואָס אין דייטשלאנד האָסטו יעצט געליטען,
ווען דו האָסט דעם איין פונקט געלאָזען פון האַנט!
מען קוקט אויפ'ן אידען ווי אויף פּאַראַזיטען,
מען „סאָקט" און מען נעהמט ניט קיין אנטהייל אין
לאנד!

8

זייט פּאַטריאָטען, אמעריקאניזירט זיך!
שטעהט ניט מיט איין פוס אויף יענעם זייט שוועל!
ווערט אלע בירגער, און אָרגאניזירט זיך!
האָט אלע צום „וואוט" נאָר איין שטרעבונג, איין ציעל!
דאַן וועט מען קיין אידען אין גאַס מעהר ניט שלאָגען,
ער וועט אויך זיין רעכט געפינען אין „קאָורט"!
דאַן וועט זיך קיין איד ניט ברויכען בעקלאָגען,
דער דזשאָדזש וויל ניט אויסהערען זייגעם א וואָרט!
דאמאָלס וועט איהר ערשט מיט רעכט קענען זאָגען:
„די לאנד איז פאר אידען דער רוהיגסטער אָרט!" —

9

ווען דו וואָלסט געווען א מאכט אויפגעבונדען,
פון אידישע בירגער היער, אלע באַנאַנד, —
ווען די וואָלסט פון אלע א צענטראַל קלוב גרינדען,
צו שיצען די אידישע אינטערעסען אין לאנד, —
דאַן וואָלסטו קענען א געגען-מאַכט בויען,
געגען די פינסטערע גלחים היער,
וואָס ווילען ציטרעטען מיט זייערע קלויען,
רעליגיעזע פרייהייט, פאר יעדען, פאר דיר,
וואָס ווילען דעם גרונד-געזעץ אויך איבערסטרויען,
דאָס לאנד זאָל נור קניהען צו די ווילדע טהיער!

10

יעזואיטען און גייסטליכע זיינען היער מאָסען,
שטילע ברייף פון פּאַבסט ערהאלטען זיי פיעל;
זיי ווילען אימער ניט רוהען, ניט ראַסטען,
ביז זיי ווילען קומען פעסט צו זייער ציעל.
זייער ציעל איז נאָר — די צייט אויסצובייטען,
די קירכע זאָל ווידער ערגרייכען איהר מאכט,
דאָס פאָלק זאָל דאָס פערד זיין, און זיי זאָלען רייטען,
ווי אין מיטעל-אלטער, — א פינסטערע נאַכט!...
מיט אונזער בלוט איז פערשריבען די צייטען,
געלעגען געבונדען, ווי שעפּסען צום שלאכט!...

11

שטעהט אויף פיקעטען, די אויגען האלט אָפען!
ווייסט וואָס עס טהוט זיך דאָרט הינטער ארום!...
מיינט ניט אז אייערע שונאים זיי שלאָפען,
זיי זענען אין „ווהייט־הויז" אויך פול אומעטום, —
אויף דער קאָנסטיטוציע האָט ניט קיין בטחון,
דער אמת ווערט דונקעל, ווען דער שקר נילט!...
די וועלט האָט ניט איין פערבלאָנדזשעט, פערקראָכען,
און מיר האָבען נאָכהער די קלעפּ גוט געפיהלט...
ווייסט ניט אין איין נאכט וואָס קען זיך פערקאָכען —
האלט אָפען די אויגען! פערזעהן — איז פערשפּיעלט!
1880

---

## אַ בריעף פון דער מוטער ציון

1

דורך די פּאָעטען, די שטענדיגע היטער,
וואָס גאָט האָט זיי ביי מיר פאר וועכטער געשטעלט,
שיקט אייך א בריוועל, איך ציון, די מוטער,
צו אייך, מיינע קינדער, פון צווייטען זייט וועלט.
נעגריסט זייט פון מיר און פון אייערע שוועסטער,
פון כרמל, לבנון, פון יפו ביים פּאָרט,
פון די וואנט פון מקדש, דער מויער דער פעסטער,
פון הר הזיתים, דער הייליגער אָרט,
פון הרמון, פון ירדן, דער שפּאציר דער בעסטער,
וואו איהר פלעגט יונגערהייט שפּילען זיך דאָרט.

2

פרעהליכע בשורות קען איך אייך מיטטהיילען,
מיין יוגענד ווערט איצטער צוריק אָבגעפרישט,
עס קומען די קינדער די וואונדען צו היילען,
צו בויען די חורבות, וואָס שטעהען פארוויסט.
זיי גרינדען קאָלאָניעס, און זעצען זיך ווידער
צום טיש ביי דער מוטער, ווי מוטיג, ווי פריי,
און עסען און טרינקען און זינגען זיך ליעדער;
די שפראך און דער ביבעל לעבט אָפּ אויף דאָס ניי;
און זיינען גאנץ גליקליך און לעבען, ווי ברידער;
מיין הארץ קוועלט צו שטעהן און צו קוקען דערביי.

3

נאָר פון אייך, מיינע קינדער, האָב איך קיין געריסען,
איהר האָט זיך, אפּנים, פערגעסען אָן מיר;
איהר ווילט פון דער מוטער, פון ציון ניט וויסען
עס גיט פון אייך קיינער, וואָס עפענט מיין טהיר.
ביי מיר בויט מען שטעדט, עס בליהט נייע געמען,
דערמאָנט אייך ווער „ציון", — גלייך לאַכט איהר איהם אויס
מיט אייער מוטער דאַרפט איהר זיך ניט שעהמען:
זי וואַר, און זי האָפט ווידער זיין אמאָל גרויס.

4

איז אייך דאָרטען גוט און איהר מאכט פיין א לעבען,
פרעהט מיר מיין הארץ, אז מיין קינד לעבט דאָרט פריי,
מעגט איהר זיך אודאי דאמיט איבערגעבען
צו נעמען אנטייל אין ציון'ס געביי;
נאָר מיר האָט די פראקטיקע לאַנג שוין געוויזען,
אָ פראקטיקע וואָס דויערט באלד צוויי טויזענד יאָהר,
אַז אנטיסעמיטען, ווי דערנער, ווי שפּיזען, —
האַסטען אייך פלוצלונג ווען איהר שטייגט אין פלאָר,
איהר ווערט גיך פון ווירטה און פון הויז אויסגעוויזען:
היינט זוך פון דאָס ניי איצט א וואוינונג, א סטאָר.

5

טויזענדער יאָהרענלאנג זיינען פאָראיבער,
עס קומען אָן פעלקער צו מיר אלערליי;
מיין ערד גיט קיין פרוכטען, מיין לופט — געלער פיבער,
דען איך לייד קיין פרעמדע, איך שטים ניט מיט זיי.
ווי מיינע קינדער זיינען אָנגעפאָהרען,
געגרינדעט קאָלאָניעס מיט גאנץ ווענינ געלט,
גבורים און העלדען ווערען דאָרט געבאָרען,
די אלערליי פיבערס איז דאָרטען געפעהלט, —
זיי פליהען זיך גליקליך, עס בליהען די יאָהרען,
ווי אין שלמה'ס צייטען, א פרעהליכע וועלט!

6

אַ אידישע שטאָט איז נויארק די גרעסטע;
איהר געפינט ניט איהר גלייכען אין דער גאנצער וועלט,
און פון אלע לענדער קומען צו מיר געסטע:
איך בעטראכט מיינע קינדער — אמעריקא פעהלט!
האָט איהר זיך מיט ציון אויף עוויג געזעגענט?
אין הארצען פערלאָשען דעם לעצטען פונק?
פרעמד, ווי מיר וואָלטען זיך קיינמאָל בעגעגענט,
איהר נאַרט מיך ניט זעהן, אייך דורשט ניט קיין טרונק.
געדענקט, פיללייכט טרעפט אייך, עס שנעעט צי עס רעגענט, —
צום אנדענקען נאָט אייך מיין בריעף און מיין וואונק.
1892

---

## דאָס גאָלדענע לאַנד

1

פון אמעריקא האָב איך אלס קינד געהערט,
ווען מענשען פלעגען רעדען באַנאַנד:
„ווי גליקליך מען לעבט אויף קאָלאָמבוס'עס ערד —
„דאָס איז א גאָלדענע לאנד",
איך בין אהער געקומען, דעם ספר דורכגעקוקט,
טרערען, טרויער, איז אויף יעדען בלאַט געדרוקט.
אין די ענגע גאַסען, וואו די מאַסע שטעהט געדיכט,
פיעל אָרימע, פינסטערע, דער אונגליק ליגט אויפ'ן געזיכט;
שטעהען פון פריה ביז ביינאַכט,
די ליפּען פערברענט און פערשמאַכט.
דער איז מפקיר זיין קינד פאר א סענט,
דעם ווארפט מען פון וואוינונג פאר רענט,
פיעל גרינע מיט שווערען געמיט
פאלען פון הונגער אין סטריט,
פיעל דלות מיט קראנקהייט באַנאַנד,
אַלץ אין דער גאָלדענער לאַנד.

2

דעם ארבייטער'ס לעבען שווימט דאָ אוועק
אין א טייך פון זיין אייגענעם שוויים;
האָרעוועט אין ביזי און הונגערט אין סלעק,
און איז שטענדיג אין שרעק מיט זיין פליים,
ווי א מאשין א נייע לעגט פאָר איהר פראָיעקט.
פיעל ארבייטער הונדערטער, ווערען פון פאבריק געסעקט,
לעזט נאָר די סטאַטיסטיק, זעהט מען יעדען מאָל,
פיעל גאסען־טרעמפּס, קאליקעס, פערגרעסערט זיך שטענדיג די צאָהל.
דער פראָלעטאר האָט דאָ א ווערט,
פונקט ווי אין סטריט־קארס די פעדד,
לויפט, לויפט, ביז וואנען ער פאַלט.
קיין ארבייטער ווערט דאָ ניט אַלט,

דעם גיט א מאשינע א ריס,
דער בלייבט פון ארבייט אהן פיס,
דער ווערט בלינד, דער אהן א האנט,
און אלץ אין דער גאלדענער לאנד.

3

דער גרינער פאלט דא פון מוט אראפ,
ווען לויפער איהם רינגלען ארום,
דער פאליסמאן זעהט, קעהרט אפ די קאפ,
ווי הפקר דער מאן וואס איז שטום!
דעם פעדלער מיט'ן וועגעל, רק מען שלעפט אין קאורט,
פעדעלט אום זונטאג, שענקט מען איהם אין „טוסס“
אן ארט,
אין די סיטה פעררייזט ער, דען דא איז איהם ניט גוט,
פיעל פעדלער דארט; הרוגים, קיינער מאהנט ניט אויף
דאס בלוט.
האט איינער דעם קלענסטען טרייעל,
שטעלט ער זיין איינענעם אין בייל,
דער לאיער דאס זייניגע טהוט,
מאקט איהם זיין לעצט ביסעל בלוט.
האב איך איהם מיט גאלד ניט ערפילט,
דאן איז שוין טיין משפט פערשפיעלט,
צוריק געהט די ווארהייט מיט שאנד,
און דאס רופט מען: גאלדענע לאנד!

4

פיעל האט דא א ווערטה א מענשענס קאפ,
ניט זיכער קיין איין מינוט.
דארט געהט א טריין פון וועג אראפ,
א טייך מיט מענשען-בלוט,
ביי סטריט-קארס און פאבריקען וואס לעבענס מען
פערליערט,
דער אמבולאנס איז ביזי, רק מען זעהט ער טהוט
און פיהרט.
דארטען גראבט מען קויהלען, פלוצלונג עקספלאדירט,
הונדערטער פאמיליען ווערען שוין צורואינירט.
פיעל אפפער האט נויארק געבראכט
פון איהרע פייערס ביי נאכט;
די שפרינגען פון דריי פלאר הויך,
די בלייבען דערשטיקטע פון רויך,
פון פייערעסקייפ פאלען אויפ'ן נאס
קינדער פערברענטע אויף אש. —
ווי געפעהרליך דער לעבענס-בעשטאנד,
היער אין דער גאלדענער לאנד!

5

דאס פרויען-געשלעכט, גיט היער א בליק,
וואו איז זייער בלומענגעשטאלט? —
אלס קינד נאך ארבייט זי אין פאבריק,
אהן יאהרען ווערט זי אלט,
די שטענגלעך פון דער חופה, ערקלערען איהר
שטומערהייט,
אז איהר הייראטען איז אפיום, דערפון ווערט מעהר די
קאפ פערדרעהט;
איהר הארעווען ביז איצטער, איז ווי א נול געשעצט,
געגען די לאסטען, וועלכע איהר ערווארטען יעצט.
ווי גיך עם פערוועלקט שוין די רויז,
זי מוז שוין אטענדען א הויז,
די בייבי גיט איהר קיין רוה,
און האלט א דריי בארדערס דערצו;
מוז וואשען די וועש און דעם פלאר,
די קרעפטען ווערט שוואכער פון יאהר,
ווי טרויעריג דער פרויען בעשטאנד,
היער אין דער גאלדענער לאנד!

6

אין נויארק דאון-טאון קוקט דארט אראפ,
וואו די לופט איז א רעגעלער פעסט;
מען ליעגט אין די טענעמענטס א קאפ אויף א קאפ,
ווי די הערינג אין בארלאך געפרעסט.
און די אלע סארטען שפייזען, וואס דער ארימאן געניסט,
איז מיט פאלשקייט, מיט הומבאג, זאגאר מיט ריזיקע
געמישט,
ער איז פון דער פאמיליע דער שפייזער אין דער נויט,
שטאפט מען איהם מיט שעדליכעס, בלייבט א קראנקער
ביז אין טויט.
ווער קען עס צוזעהן דעם צער,
ווי קינדערלעך שפרינגען פון קאר,
מיט ניוספייפערס פול אין די הענט,
ריזיקירען זיך פערדינען א סענט,
אין הויז איז דער דלות דארט פול
דאן רייסט מען אפ קינדער פון סקול,
זיי בלייבען פערגרעבט, אהן פערשטאנד —
און דאס רופט מען: גאלדענע לאנד!?

7

נאר גליקליך לעבט דער רייכער אין איהר,
ער בעזיצט א קעניגרייך,
וואס אין יוראפ א פירסט — איז אין אמיריקא א גביר,
די מאכט איז פון ביידען גלייך.
אין דעם גרויסען וועלט-ים אלע טייכען פליסט,
אין דער רייכטהום פון דעם מיטעלשטאנד ציהט זיך
צום קאפיטאליסט.
איהם שאדט קיין קאנקורענציע, זיין קאפיטאל איז גרויס,
ער גיט א שפיעל א ווייליגקע, ווערען קליינינקע באלד אויס;
ווי שטארק איז זיין מאכט און זיין ווארט
ער האט די דעה אין קאורט,
אין סיטי האלל גילט נאר זיין שטים,
צייטונגען חנפ'ענען איהם,
באהנען פיעל, און קויהלען-מיינס,
לאנד וואו מען פאהרט איז נאר זיינס,
איבער איהם גיט ניט אין שטאנד, — —
אט פאר איהם איז די גאלדענע לאנד!

1892

---

## דער גרינער

1

אמעריקא רעכענט זיך פאר א נייע וועלט,
דער גרינער איז אין איהר ווי ניי געבוירען;
פאקען ווערט איהר אויפ'ן שיף געשטעלט
און מאזעלט ווען ער קומט צופאהרען.
די פאקען איז איהם לייכט אריבער,
נעענדיגט מיט א קליינעם פיבער;
די מאזלען איז דוקא ניט גרינג:
פרעמד איז ער דא פון אלסדינג;
ער ווייס ניט צו וואס זיך צו שטרעבען,
פון וואנען צו מאכען א לעבען;
ער זעהט פרעמדע מענשען א סך,
איז בלינד אינ'ם לאנד אין דער שפראך.
אה דו עלענדער! דו ביזט פאראיהרט!
די פאלשע האפענונג, האט דיך אהער פערפיהרט!
קיין טלאנט
אין האנט

וויים ער ניט ביז היינט,
און האָט
אין שטאָט
קיין גואל און קיין פריינד.
ער טרייט
און בייט
מלאכות אויף זיין וועלט
און ליידט
אַ צייט
ביז די מאָזלען פעהלט.

2

עס שיינט אז קאָלאָמבוס האָט א געזעץ געשטעלט,
אַן אָפּמאַך מיט זיין געפונענע נייע וועלט;
אַז יעדער גרינער וואָס קומט אין איהר אַריין
מוז אומבעדינגט פון אָנהויב א פּעדלער זיין.
ער הערט צו פון אלעמען עצות,
און פאנגט אָן צו פּעדלען מיט מעטשעס,
און ווייל ער וויים די שפּראכע ניט,
מוז ער שטעהן אין העסטער סטריט.
פון פּאָליסמאַן ווערט ער ניט גיך פּטור
אז ער פרעגט איהם די לייסענס צי האָט ער.
דאָ זעה איך ער לויפט מיט געלאָף
און שרייט „איין סענט — דער טעלעגראַף!"
און איך קוק אויף דיר, און מיין הארץ מיר ברענט
שרייסט אָפּ א נאכט, און דו לייזט קיין סענט.
זעהט איצט,
ער שוויצט
ער פּעדעלט שוין מיט רעגס;
שלעפּט זעק
מיט פּעק
און קריכט פיף פלאָר צי זעקס.
זיין געזינד
מיינט אצינד
ער שעפּט גאָלד יעדער שעה —
און ער,
ווי שווער,
ליגט אין מאָזלען דאָ!

3

ניט ביי אלע גרינע געהט גלייך די מאָזלען פאַרביי.
דאָס בעלאנגט אָן בענקשאַפט, גליק און מענש
אַנ'אנדערער מאָזעלט א יאהר, צי צוויי, צי דריי,
ביז ער בעקומט עטוואָס אן עקזיסטענץ.
ער טהוט אָפּ כל עבודת פרך
און דיענט אלע געטער, ווי תרח:
ימים נוראים ביי'ן חזן א באָס,
דאָ שטעהט ער מיט לעמאָן אין גאָס,
אין א פעקטאָרי פון בלעך איז שוין גרינגער,
נאָר דאָרטען פערגעסט ער א פינגער,
וואָס ער שטעהט אין האָספּיטאל אוים
ביז ער געהט מיט'ן לעבען ארוים!
און דאָ זיין באָרד דערלעגט די וואָג,
איהם בעפאלען לויפער, טאָג פאר טאָג.
ער טרעט
מיט געבעט
צו די אַכטע סטריט (אידישע טשאַריטים)
און הערט,
ווי ער ווערט
מיט זלזולים אָפּגעבריהט.
ער פערטרויט
זיין נויט
און טרערען פון איהם פליסט;
דער אנטוואָרט
איז: פאָרט!
און געהט אוועק מיט נישט.

4

ער טרייט און לערענט זיך א גלעזער צו זיין,
מעסט אוים אלע סטריטען פון אפּטאָון.
נאָר קיין איינער לאָזט א גרינעם אין שטוב אַריין;
ער קלערט און געפינט א נייעם פּלאַן:
אַ ביגלער ווערט ער מיט דעם בטחון,
אַז אומזיסט וועט ער נאָר טהאָן דריי וואָכען;
נאָר אז מ'קומט צו די ווידזשעס עטוואָס
ווערט סלעק-טיים דאָרטען ביי'ן באָס.
ער וויל כאָטש צום יוניאָן בעלאַנגען,
נאָר דאָרט וויל מען איהם ניט עמפּפאַנגען;
ער בלייבט א פערוואָגעלטער סקעב,
בעקומט אָפט זלזולים און קלעפּ.
און זיינע בריעף פון יוראָפּ איז מיט בלוט געפאַרבט,
אז זיין גאנצע געזינד דאָרט פון הונגער שטאַרבט;
ער קלערט
און ווערט
א מלמד פון אלף בית;
ביז זיין שול
ווערט פול
ניסט איהם אָפּ א שוויים.
אין בייסמענט
רינען די ווענט.
און ער הוסט, און שרייט און קנעלט,
ביז זיין ברוסט
ווערט פּוסט,
און זעגענט זיך מיט דער וועלט...

5

ביי אלע פעלקער פאלט דער גרינער קיינעם צו לאַסט,
קומט פון שיף און גלייך פערדינט ער געלט.
פערזאָרגט ווערט איהם אָן ארבייט וואָס איהם פּאַסט.
אומגליקליך איז דער איד נאָר אויף דער וועלט;
טראָץ דעם, וואָס אידישע באראָנען
ספּענדען צו דעם צוועק מיליאָנען,
דאָך ווייזט מיר איין מענש אויף דער וועלט
וואָס ווערט אונטערשטיצט פון די געלט?!
זייער אָפּיס איז פון אונז אונצופרידען
און האסען דעם רוסישען אידען,
אַז זיי האָבען א שאָפּ אויפגעבוים
אַרבייט מען הויל פאר'ן ברוים.
ווי לאנג וועלען מיר זיין געפּאראליזירט,
אונז פריהרט די פים, און דער קאָפּ ניט שפּירט;
ערוואַכט
און מאַכט
צום „דזשואיש אליאנס א ברענטש"
אַז קומט אהער
אַ גר
פערזאָרגט זיין עקזיסטענץ;
א נאציאָן
מוז טהאָן
און פאַרזאָרגען יעדעם גליעד,
אַ פערדראָס,
פאַרוואָס
פערשטעהט עס ניט דער איד!?

1893




1.
2.
Tempo I






Allegretto moderato
3.
mf








Allegretto moderato
2.
mf


1.
2.

seht frem-de men-shen a sach___ is blind in der land in der

*cresc.*

**Andante** (*Recitative*)

shprach___ Oi du elen - der__ du bist far-ihrt die

*dim.*

*p*

fal - she hof - nung__hot dich a - her far-fihrt kein ta -

**Moderato con moto**

lant in hant Veis er nit bis haint un

**Piu mosso**

pock-en iz im leicht a-rie-ber___ ge-en-dikt mit a klein-em

fie-ber___ die moz-len is dav-ke nit gring___

Fremd is er do fun als-ding___ Er veis nit tzu vos zich zu

shtre-ben___ Fun van-en tzu mach-en a leb-en___ Er

# Der Greener

Words & Music by
ELIAKUM ZUNSER

**Andante**

*mf* *p*

A - mer - i - ka ___ re - che-nt sich far a

nei - e - velt Der grie - ner is in ihr vie ___ nei ge -

bor - en ___ Pock - en vert ihm oif - en

shiff ge-shtelt un ___ mo - zelt ven er kumt zu - fohr - en die

*rit.*

maf - kir sein kind far a sent ______ dem

varft men fun voh - nung far rent ______ fiel

grie - ne mit schve - ren ge - miet ______

fal - len fun hun - ger in striet ______ fiel

Piu mosso, moderato con moto

iz a gol - de - ne land Ich bin a - her ge -

kum - men dem soi - fer durch ge - kukt

treh - ren troi - er iz oif ye - den blatt ge -

drukt in die ein - ge gas - sen vu die

# Dos Goldene Land

Words & Music by
ELIAKUM ZUNSER

**Andante con moto**

Fun A - mer - i - ka hob ich als kind ge-hert ven

*p*

men - shen fle - gen re - den bei - nand vie

glick - lach menn lebt oif Co - lum - bus - es erd dos

Mik - dosh, der Moi - er der fes - ter fun Har - ha - zei - ssim der

hei - li - ger ort fun Cher - mon fun Yar - don der shpa - zier der

*legato*

*rit.*

bes - ter vu ihr flegt yun - ger - heit shpie - len sich dort

*rit.*

brie - vel ich Zi - on die mut - ter zu eich mei - ne

kin - der fun tzveit - en zeit velt ge - griest zeit fun

mir un fun ei - e - re shves - ter fun Kar - mel Le -

wo - non fun Yaf - fe beim Port fun die vant fun

*legato*

# A Brief fun der Mutter Zion

Words & Music by
ELIAKUM ZUNSER

**Andante, a la Valse**

Durch die po -

et - en die shten - di - ge hiet - er vos Gott hot zei

bei mir far vech - ter ge - shtelt, Shikt eich a

fehlt unz a yü-disch-e macht oif zu-boi-en zu zo-gen a dei-eh hier

in po-li-tik ven al-le Fel-ker yezt klo-ben sich stroi-nen

gie-ben mir sei op in hant un-zer glick Mir to-ren in frem-de nit sich

*rit.*

zu fiel on troi - en zvei toi-zend yohr lehr-ent uns die prak-tick.

*rit.*

# Farzehen-Farshpielt

Words & Music by
ELIAKUM ZUNSER

**Moderato**

In A - mer - i - ka

klei - ben sich bis - lach - veis yü - den fun Russ - land fun Ös - treich fun

der gan - ser velt Un sein - en in chev - res in lodg - en fer -

shied - en nur men kukt nit dem grund vos dem klal yü - den fehlt Es

be - ten ne - do - ves an al - ter a krank - er geht ped - len beim

krist Men nehmt fun zein bas - ket a pin oif ka - to - ves as

dos sol nit hei - sen men shenkt ihm um - zist men nehmt fun zein bas - ket a

*rit.*

pin oif ka - to - ves az dos sol nit hei_ sen men shenkt ihm um - zist

*rit.*

# Der Peddler

Words & Music by
ELIAKUM ZUNSER

**Andante espressivo**

Vie lang vest du yü - del a - rum gehn un

ped - len un fal - len zu last bei die sh'chei - nim in land vos

shrei - en in tzeit - ung un shtech - en vie nod - len der yüd is a

schnor - er er shtelt ois die hant Den vos is den ped - len nor

